

א בוך פון ליידען און קאמפף



רעדאקטירט פון ב. וולאדעק, מיט דער נאהנטער מיטארבייט־
טערשאפט פון ק. טעפער און לעאן סאוויטש. צייכנונגען פון
פ. ראסקין. פערלאג מילער און היללמאן, ניו יארק, 1917.

# *FROM HEART'S DEPHT*

a book of suffering and struggle

*Edited by* B. VLADECK

with the co-operaticn of K. Tepper and Leon Savage.
Drawings by S. Raskin



Published by
Miller & Hillman
211 Centre Street, New York



# א פאָר ווערטער.

**דור־איין, דור אוים, דורך ארבייט און אָפּפער, דורך ליידען** און גלויבען, האָט דער מענש געקעמפּפט פאר א בעסער לעבען, א בעסערע וועלט.

ווי דער וויסער בעוועגליער שוים, וואָס בעגלייט די שיפען איבער וועגלאָזע ים׳ען, האָט א טרוים און א האָפנונג שטענדיג בעגלייט די מענשהייט אויף די שווערע וועגען פון דער געשיכטע; און ווי די טיעפע אָבגרונדען, וואָס בערג־שטראָמען לאָזען איבער צווישען פעלזען און פעלז, האָבען זיך מעכטיגע געדאנקען איינגעקריצט אין דעם בעוואוסטזיין פון אונזער ראַסע.

דורך ליכט און חשך, דורך רוה און רעוואָלוציאָן האָט די וועלט שטענדיג געפּרואווט קומען צו זיך, דערגרייכען איין גרויסען אמת פון לעבען. צו ערוועקען א ווילען צו פערשטעהן אָט דעם דאָזיגען אמת און צו קעמפּפען פאר איהם; צו צוזאַמענקלייבען כאָטש א טייל פון אָט דעם אמת אום עס זאָל בעסער און טיעפער ווירקען; צו לייגען א פונדאַמענט פאר א גרעסערעם ווערק וואָס זאָל אין זיך ענטהאַלטען א ל ע ס וואָס איז ווען געזאָגט געוואָרען פון א טיעפען הארץ און אַן עהרליכען קאָפּ — איז דער ציעל פון אונזער בוך.

פאר דער אידעע פון בוך קומט פיעל קרעדיט דעם אַמעריקאַנער שרייבער און סאָציאַליסט אַפּטאָן סינקלעיר, וועלכער האָט געמאַכט א פערזוך צו בעשאַפען אַנ׳אַנטאָלאָגיע פון סאָ־

ציאָלען קאַמפּף אין זיין בוך: „דהי קריי פאַר דזשאַסטיס“ („ס׳געשריי נאָך גערעכטיגקייט“).

אונזערע אונטערשיידעט זיך פון סינקלעיר׳ס אַנטאָלאָגיע מיט דעם, וואָס פיעל מעהר פלאַץ איז אָבגעגעבען פאַר איבער־זעצונגען פון רוסיש, דייטש, פראַנצויזיש און העברעאיש (ווי צום ביישפּיעל פון הערצען, טאָלסטאָי, ניטשע, די טוער פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, תהלים, איוב, מדרש א. ז. וו.); וואָס די אָבטיילונגען זיינען אַנדערש צוזאַמענגע־שטעלט געוואָרען; וואָס צו די ענגלישע שרייבער איז צוגעגע־בען געוואָרען פיעלעס פון קאַרלייל, אָסקאַר ווײַלד און אַנדערע; וואָס דער ראַדיקאַליזם פון די פערשידענע שרייבער איז ניט געמאָסטען געוואָרען ענג־פּאַרטייאיש; און וואָס, ענדליך, אַ זעהר גרויסער טייל איז איבערגעגעבען געוואָרען פאַר דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור.

אין צוזאַמענשטעלען דאָס בוך האָבען מיר הויפּטזעכ־ליך געהאָלפען די הערן ק. טעפּער, לעאָן סאַוויטש און ס. ראַסקין.

הערר טעפּער האָט איבערזעצט אַלעס פון דייטש און כמעט אַלעס פון רוסיש און העברעאיש (אַלע איבערזעצונגען פון איוב, תהלים און מדרש) און האָט געהאָלפען מעהר ווי אַלע ביים אויסקלייבען פון די מאָדערנע אידישע שרייבער. ער האָט אויך געמאַכט איינינגע איבערזעצונגען פון ענגליש.

הערר סאַוויטש האָט געמאַכט אַלע איבערזעצונגען פון פראַנצויזיש, איינינגע פון דייטש און האָט איבערזעצט אַלעס וואָס געהט דאָ אריין פון סינקלער׳ס „ס׳געשריי נאָך גערעכ־טיגקייט“.

הערר ס. ראַסקין האָט געמאַכט אַלע צייכנונגען און האָט געהאָלפען ביים אויסקלייבען די קונסט־רעפּראָדוקציאָנען.

אנערקענונג ווערט דאָ איין אויסגעדריקט צו אלע שריי־
בער, מיט וועמעס ווערק, און אָפט אויך ראטה, מיר האָבען זיך
בענוצט, און אויך צו דעם מעטראָפּאָליטאַן קונסט־מוזעאום און
צו דער רעדאקציע פון דעם ענגלישען סאָציאָלאָגישען וואָכענ־
בלאט „סאָרוועי“ פאר ערלויבען אונז זיך צו בענוצען מיט זייע־
רע בילדער.

צוליעב אייניגע אורזאכען, אזעלכע וואס מען האָט יע גע־
קענט און אזעלכע וואס מען האָט ניט געקענט בעזייטיגען,
זיינען אינגאָנצען ניט אריין די מאָדערנע העברעאישע שריי־
בער פון דער השכלה צייט ביז היינט, און צוויי אָבטיילונגען
וועגען די בעזונדערע ליידען פון דעם איד און דער פרוי. אויך
איז ניט אריין צוליעב אורזאכען ריין־טעכנישע נאָך פיעלעס,
וואָס וואָלט וואהרשיינליך געמאכט דאס בוך ווערטהפולער.

אייניגע גרייזען זיינען פערבליבען אין בוך, ניט קוקענדיג
אויף דעם וואס די קאָרעקטורען זיינען געלעזען געוואָרען פיער
און פינף מאָהל, און האָט בעשטעטיגט נור נאָך אמאָהל דעם
אלטען אמת, אזא דורכאויס פאָלקאָמע זאך איז אונמעגליך.

אלע איבערזעצונגען זיינען געמאכט פון די אריגינעלע
שפּראכען, אויסער די עטליכע אויסציגע פון פערסישען, כינע־
זישען און אינדישען.

מערץ 1917, ניו־יאָרק.

# ליסט פון קונסט־רעפּראָדוקציאָנען

צו „פאררעדע“ —

1) „פון דער טיפעניש פון האַרץ“ — **קריסטיאַן פעטערסאַן.**

צו „אין שפּאַן פון אַרבייט“ —

2) „ארבייט צושיידט און פעראייניגט“ — פון אַן אויס־שטעלונגס־רעקלאַמע.
3) „נאָך די שניטערס“ — קאָנסטאַנטין **מילע.**
4) „דער אייזענגיסער“ — **מעניע.**
5) „די טרעגער“ — מעניע.

צו „אונטער'ן יאָך פון אָרימקייט“ —

6) „אָרימקייט“ — פערנאַנד **פעלעז.**

צו „פערוועלקטע בלעטער“ —

7) „די אַלטע זינדערין“ — אָגיוסט **ראָדען.**

צו „אפאטעאז פון פרייהייט“ —

8) „די גוטע פעיע“ — דזשעסי **מעקאטשאַן ראַלי.**

צו „אינ'ם ליכט פון ווייזהייט“ —

9) „דער דענקער“ — אָגיוסט ראָדען.
10) „דזשאַן באַראָם“ — **ס. ס. פיעטראָ.**

צו „פון צער און צאָרן“ —

11) „קריעג“ — אַרנאָלד **בעקלין.**
12) „ברוטאַלע מאַכט“ — **פרעמיע.**

צו „ברעכענדיג און בויענדיג“ —

13) „די מאַרסעליעזע“ — **אָגיוסט ראַרע.**

צו „מארטירער און מארטירערטום“ —

14) „פּראָמעטהעאוס“ — **ע. מיולער.**

צו „נייע הימלען און אַ נייע ערד“ —

15) „דער טרוים“ — **אַרטור דייווים.**
16) „און זיי וועלען צושמידען זייערע **שווערדען אויף אַקער־אייזענס**“ — **דזשוליום בוטענסקי.**

# פון דער טיעפעניש פון האַרץ

## ערשטער באַנד



## צווייטער באַנד

# אינדעקס

פון אַלע נעמען וואָס ערשיינען אין די צוויי בענדער „פון דער טיעפעניש פון האַרץ.“

# האַנדשריפטען

ס. מאוד — „פאררעדע“.

א. סארין — „אין שפאן פון ארבייט“.

א. רייזען — „אונטער’ן יאך פון ארימקייט.“

מ. לאוב — „פארוועלקטע בלעטער“.

ז. לאנדוי — אפאטעאז פון פריי־הייט“.

אב. קאהאן—„אינ’ם ליכט פון ווייז־הייט.“

ק. טעפער—„פון צער און צארן“.

ל. האלפער—„ברעכענדיג און בויען־דיג.“

מ. ווינטשעווסקי — „מארטירער און מארטירערטום“.

שלום אש — „נייע הימלען און א נייע ערד“.

## פון דער טיעפעניש פון האַרץ

דורכשלאָגען זאָלען זיך אייערע טרערען.  
גרינגער זאָל ווערען און פרייער זאָל ווערען —  
אפשר, ווער ווייסט, וועט נאָך גאָט אַ מאָל געבען !  
איבערגעהן וועלען די פינסטערע צייטען,  
אויך אונז וועט אפשר געראָטען, ווי לייטען,  
בעסערס און שענערס דערלעבען.

ח. נ. ביאַליק.



# קינדער וועגען הײַנטיגע אָרדנונגען

פון ל. טאָלסטאָי.

(1828—1910)

וועלט־בעריהמטער בעלעטריסט און פילאָזאָף. די געשפּרעכען וועלכע מיר איבערזעצען דאָ זײַנען אַזוי אינהאַלטסרײַך און צום פּונקט, אַז זײ קאָנען מיט רעכט דיענען אַלס פאָררעדע צום גאַנצען בוך.

## וועגען אַרבײַט און לוין.

דער פ אָ ט ע ר. ק א ט י א — נײַן יאָהר אַלט, און פ ע ד י א — אַכט יאָהר.

ק א ט י א: פּאַפּאַ, אונזערע שליטלעך האָבען זיך צו־בראָכען. קענסט ניט פערריכטען?

פ אָ ט ע ר: כ'קען ניט, מײַן טײַערע, איך קען ניט. פּראָכאָר'ן דאַרף מען געבען, ער וועט אײַך עס פערריכטען.

ק א ט י א: מיר זײַנען געוועזען אין'ם הויף, פּראָכאָר זאָגט, אַז ער האָט קיין צײַט ניט, ער שנײַדט אויס טויערען.

פ אָ ט ע ר: וועט איהר מוזען, קינדער, אַביסעל וואַר־טען.

פ ע ד י א: און דו, פּאַפּאַ, קענסט אינגאַנצען ניט?

פ אָ ט ע ר (שמײכעלט): נײַן, מײַן טײַערער.

פ ע ד י א: גאַרנישט, פּאַפּאַ, קענסטו נישט?

פ אָ ט ע ר (לאַכט): נײַן, עפּעס קען איך, אָבער דאָס, וואָס פּראָכאָר קען טהאָן, קען איך ניט.

פ ע ד י א: קענסטו אָן אויווען הײצען, ווי וואַסילי?

פ אָ ט ע ר: נײַן.

פ ע ד י א: און פערד איינשפאנען?

פ א ט ע ר: אויך נישט.

פ ע ד י א: און איך טראכט מיר אפט: פארוואס קענען מיר גארניט, און זיי טהוען אלץ פון אונזערטוועגען. איז דאס גוט?

פ א ט ע ר: יעדען איז בעשערט זיינס. דו לערן זיך גוט, וועסטו דערגעהן, וואס ווער דארף טהאן.

פ ע ד י א: נו, און מיר אליין דארפען ניט קענען הייצען אן אויוועון, קאכען, שפאנען פערד?

פ א ט ע ר: עס זיינען פארהאן וויכטיגערע זאכען.

פ ע ד י א: א, איך וויים: זיין א גוטער, ניט בערעדען, ניט זידלען זיך. אבער מען קען דאך אי אן אויוועון הייצען, אי פערד שפאנען, אי א גוטער זיין? איא מען קען?

פ א ט ע ר: אודאי.ווארט נור, ביז דו וועסט אויסוואקסען, וועסטו דאס אלץ פערשטעהן.

## וועגען רייכקייט.

אויפ'ן באלקאן זיצען און טרינקען טיי דער ב ע ל - ה ב י ת, די ב ע ל - ה ב י ת ' ט ע און דער זעקסיעהריגער ו ו א ס י א. די דערוואקסענע קינדער שפילען טענים. עס געהט צו א יונגער בעטלער.

ב ע ל - ה ב י ת (צום בעטלער): וואס ווילסט דו?

ב ע ט ל ע ר (גריסט): וואס זאל איך וועלען? האט רחמנות אויף אן ארימען מענשען, וואס געהט ארום אהן ארבייט. א נאקעטער, א בארוויסער. געווען אין מאסקווא, איצט שלעפ איך זיך אהיים. העלפט אן ארימען מענשען.

ב ע ל - ה ב י ת: און פארוואס ביסט דו ארים?

ב ע ט ל ע ר: פון נויט, פון צרות, פערשטעהט זיך.

ב ע ל - ה ב י ת: ווען דו זאָלסט זיך ניט פוילען צו אַרבייטען, וואָלסטו ניט געווען אָרים.

ב ע ט ל ע ר: איך בין ניט פויל, אָבער איך קען ניט געפינען קיין אַרבייט.

ב ע ל - ה ב י ת: פאַרוואָס האָבען אַנדערע אַרבייט און דו — ניט?

ב ע ט ל ע ר: גלויבט מיר, מיט'ן גאַנצען הארצען וואָלט איך געגאַנגען אַרבייטען, אָבער זיי נעהמען מיך ניט. האָט רחמנות אויף אַ מענשען, כ'געה שוין דעם צווייטען טאָג אַ ניט־געגעסענער.

ב ע ל - ה ב י ת: (קוקט אין'ם בייטעל, צו דער ווייב, אויף פראַנצויזיש): האָסטו קלייגעלד? איך האָב נאָר אַסיג־נאַציען.

ב ע ל - ה ב י ת ' ט ע (צו וואַסיאַ'ן): געה, זוהן מיי־נער, דאָרט אויפ'ן טישעל ליגט מיין בייטעלע — ברענג עס אַהער.

ו ו א ס י א (הערט ניט וואָס די מוטער זאָגט איהם, קוקט אויפ'ן בעטלער, ניט אַראָבלאָזענדיג דעם אויג).

ב ע ל - ה ב י ת ' ט ע: וואַסיאַ, הערסט ניט? (שלעפּט איהם פאַר'ן אַרבעל): וואַסיאַ?

ו ו א ס י א: וואָס, מאַמאַ?

(די בעל־הבית'טע ווידערהאָלט, וואוהין וואַסיאַ זאָל געהן און וואָס ער זאָל נעהמען.)

ו ו א ס י א (שפּרינגט אויף): באַלד! (קוקט זיך אום אויפ'ן בעטלער, געהט אַוועק.)

ב ע ל - ה ב י ת: וואַרט אַ ביסעל. (דער בעטלער געהט אָן אַ זייט). (צו דער פרוי אויף פראַנצויזיש:) עס איז שרעקליך, וויפיעל בעטלער עס געהען אַרום. אַלץ פון פויל־קייט נעהמט זיך דאָס.

באַל־הבית׳טע: אָבער ס׳איז דאָך שרעקליך, אויב ער איז הונגעריג.

באַל־הבית: איבערטריבען.

באַל־הבית׳טע: מען זאָגט, אַז אין ענגלאַנד איז אויך אַזוי. ווילסט נאָך טעע?

באַל־הבית: גיב אַן אַביסעל שוואַכערען. (פער־רויכערט. אַלע שווייגען. דער בעטלער קוקט אויף זיי, מאַכט מיט׳ן קאָפּ, הוסט.)

(וואַסיאַ קומט צולויפען מיט׳ן בייטעל, זוכט מיט די אויגען דעם בעטלער און שטעלט אויף איהם אויס אַ פּאָר אויגען.)

באַל־הבית (נעהמט צעהן קאָפּיקעס פון בייטעלע): נעהם דו, ווי הייסט דו.

בעטלער (נעהמט אַראָב דאָס היטעל, דאַנקט און נעהמט די מטבע): אַ דאַנק, אַ שעהנעם דאַנק אייך, וואָס איהר האָט רחמנות געהאַט אויף אַן אָרימען מענשען.

באַל־הבית: רחמנות וואָס רחמנות, דער עיקר אַרט מיך, וואָס איהר געהט אַרום לעדיג. ווען איהר אַרבייט, וואָלט איהר ניט געווען אָרים; דער, וואָס אַרבייט, ווערט קיינמאָל ניט זיין אָרעם.

בעטלער (טהוט אָן דאָס היטעל, דרעהט זיך אויס און זאָגט): ניט אומזיסט זאָגט די וועלט אַז פון ערליכער אַרבייט האָט מען גאָרנישט, אויסער אַ הויקער.

וואַסיאַ: וואָס הייסט דאָס?

באַל־הבית: ס׳איז אַזאַ נאַריש פּויעריש שפּריכ־וואָרט, אַז פון אַרבייט קען מען נאָר צוהויקערט און ניט אַ גביר ווערען.

וואַסיאַ: איז דאָס ניט ריכטיג?

באַל־הבית: פערשטעהסט זיך, ניט ריכטיג. יענע, וואָס געהען אַרום, ניט וועלענדיג אַרבייטען, זיינען שטענדיג אָרעם; רייך זיינען נאָר יענע, וואָס אַרבייטען.

ו ו א ס י א: פאַרוואָס אַרבייטען מיר ניט, און זיינען רייך?

ב ע ל - ה ב י ת 'ט ע (לאַכט): ווי אַזוי ווייסט דו אַז דער פּאַפּאַ אַרבייט ניט?

ו ו א ס י א: איך ווייס ניט, אָבער מיר זיינען דאָך זעהר רייך, מוז דאָך פּאַפּאַ שרעקליך פיעל אַרבייטען. אַרבייט ער דען אַזוי פיעל?

ב ע ל-ה ב י ת: אַן אַרבייט צו אַן אַרבייט איז ניט גלייך. מעגליך, אַז מיין אַרבייט איז אַזאַ, אַז ניט יעדער קען זי טהאָן.

ו ו א ס י א: וואָס איז דיין אַרבייט?

ב ע ל - ה ב י ת: מיין אַרבייט איז אייך אַלעמען צו קליידען, דערנעהרען, פיהרען אויף אַ וועג.

ו ו א ס י א: ביי איהם איז דאָך די זעלבע אַרבייט. טו פאַרוואָס איז ער אַזוי אָבגעריסען און מיר...

ב ע ל - ה ב י ת (לאַכט): ווי געפעלט דיר דער סאָציאַליסט אונזערער!

## וועגען געפענגנישען.

ס ע מ ק א — 13 יאָהר אַלט. א ק ס ו ט ק א — 10. מ י ט ק א — 10. פ א ל א ש ק א — 9. ו ו א נ ק א — 9 יאָהר. האָבען אָנגעקליבען בעערען (יאַגדעס) און זיצען ביים ברונען.

א ק ס ו ט ק א: די האַר האָט זיך געריסען די מוהמע מאַטרענאַ! און די קינדער פערגיסען טרערען.

ו ו א נ ק א: וואָס ווייגען זיי?

פ א ל א ש ק א: וואָס? דעם פאָטער האָט מען אין געפענגניש גענומען.

װ ו א נ ק א: פארוואס?

א ק ס ו ט ק א: ווער ווייס זיי? זענען געקומען, — נעהם דיינע זאכען, האבען זיי געזאגט, — און אוועקגעפיהרט איהם.

ס ע מ ק א: דערפאר האט מען איהם גענומען, וואס ער גנב'עט פערד. ביי דעמקינ'ען א פערד צוגענומען, ביי קראסנאוו'ן — אלץ זיין ארבייט. וואס זאל מען איהם איי־בערן קעפעל גלעטען?

א ק ס ו ט קא: און אויף די קינדער איז א רחמנות. ארימע קינדער — האבען קיין ברויט ניט.

ס ע מ ק א: און גנב'ען טאר מען ניט. א מצוה.

מ י ט ק א: גע'גנב'עט האט ער דאך, און ניט די קינדער. פארוואס זאלען זיי געהן בעטלען?

ס ע מ ק א: ניט גנב'ע: א מצוה.

מ י ט ק א: אבער די קינדער — וואס זיינען זיי שולדיג?

ס ע מ ק א: נו, און אז ער האט קינדער, מעג ער שוין גנב'ענען?

װ ו א נ ק א: און וואס וועט מען איהם טהאן אין געפענגניש?

א ק ס ו ט ק א: וועט זיצען — דאס איז אלץ.

װ ו א נ ק א: און עסען וועט מען איהם געבען?

ס ע מ ק א: דערפאר שרעקען זיי זיך טאקי, די פערד־פלוכטע פערד־גנבים. ווען איך זאל זיין א קיסר, וואלט איך שוין געוואוסט, וואס צו טהאן מיט די פערד־גנבים. איך וואלט זיי שוין אבגעלערנט פון גנבה. איצט איז זיי גוט; זיצט אזא איינער מיט אזעלכע חברה־לייט, ווי ער און זיי לערנען אויס איינער דעם אנדערן ווי בעסער צו גנב'ענען. דער זיידע דערצעהלט, אז פעטרוכא איז געווען נאר א גוטער יונג, אבער ווי נאר ער איז אבגעזעסען אינ'ם געפענגניש,

איז ער, ארויסגעהענדיג, גאָר אן אנדער מענש געוואָרען, אַן אמת'ער גנב.

ו ו א נ ק א: טו צו וואָס זעצט מען זיי איין?

ס ע מ ק א: געה, פרעג זיי.

א ק ס ו ט ק א: איהם וועט מען זעצען אויף אלעמען גרייטען...

ס ע מ ק א (מישט זיך אריין): ער זאָל זיך בעסער אויסלערנען...

א ק ס ו ט ק א: און די קינדער מיט דער מוטער וועלען פון הונגער אויסגעהן. שכנים, א רחמנות; קומען בעטען ברויט — מוז מען זיי געבען.

ו ו א נ ק א: טו צו וואָס זעצט מען זיי פאָרט איין?

ס ע מ ק א: און וואָס זאָל מען מיט זיי טהאָן?

ו ו א נ ק א: וואָס טהאָן? עפּעס אזוינס, אז...

ס ע מ ק א: הא, הא, עפּעס אזוינס, און וואָס — ווייסט דו אליין נישט. קליגערע מענשען פון דיר האָבען געטראכט און גאָרנישט אויסגעטראכט.

פ א ל א ש ק א: און איך טראכט זיך אזוי: אז ווען איך זאָל זיין א קעניגין...

א ק ס ו ט ק א (לאכט): נו, וואָס וואָלסטו, קעניגין, געטהאָן?

פ א ל א ש ק א: איך וואָלט אזוינס געטהאָן, אז קיינער זאָל ניט גנב'ענען און די קינדער זאָלען ניט דארפען וויינען.

א ק ס ו ט ק א: און ווי וועסט דו עס אויספיהרען?

פ א ל א ש ק א: פיהרען וועל איך זיך אזוי, אז איך זאָל אלעמען און יעדען איינעם געבען אלעס, וואָס ער דארף, קיינעם נישט בעליידיגען, און אלעמען זאָל גוט זיין.

ס ע מ ק א: אי, קעניגין! צו פלינק ביסט דו מיר!

## וועגען שטייערען.

### דער עלטסטער פון דארף און גרושקא — א זיעבעניעהריג מיידעל.

דער עלכסטער (געהט אריין אין אן ארים פויער־הייזעל, קוקט זיך אום): קיינער נישטא אין דער היים?

גרושקא: די מוטער איז אוועק נאך דער קוה, און פעדקא איז אויפ'ן פריצ'ישען הויף.

עלטסטער: נו, זאג אקארשט דער מאמען, אז דער עלטסטער, פערשטעהסטו, איז געווען. זאג איהר, אז זי זאל ניט שפעטער פון זונטאג די שטייערען איינצאהלען, אדער איך וועל די קוה צונעהמען.

גרושקא: די קוה צונעהמען? דו ביזט דען א גנב? און מיר וועלען ניט לאזען.

עלטסטער (שמייכעלט): א פלינק מיידעל. ווי רופט מען דיך?

גרושקא: גרושקא.

עלטסטער: א פיינע מויד, גרושקא! טו הער: אזוי זאג דער מוטער, אז א גנב בין איך טאקי ניט, אבער די קוה וועל איך צונעהמען.

גרושקא: צו וואס זאלסט דו צונעהמען די קוה, אז דו ביסט נישט קיין גנב?

עלטסטער: אט אזוי: א מענש דארף צאהלען שטייערען.

גרושקא: וואס איז דאס אזוינס — שטייערען?

עלטסטער: פון אונזער טובה וועגען.

גרושקא: וואס איז דאס פאר א טובה, אז דו ווילסט נאר צונעהעמן די קוה? דאס איז נישט קיין טובה.

עלטסטער: וועסט אויסוואקסען — וועסט דו פערשטעהן. גיב איבער אלץ. הערסט?

## וועגען מלחמות.

קארלכען שמידט ניין יאָהר אַלט, פּעטיא אַרלאָוו — צעהן און מאשא — אכט יאָהר.

קארלכען שמידט: אונזער פּרייסען וועט קיינמאָל ניט דערלאָזען, אז איהר, רוסישע, זאָלט אונזערע ערדער צונעהמען.

פּעטיא: אָבער די ערד איז דאָך אונזערע, מיר האָבען זי פריהער פערנומען פון אייך.

מאשא: וואָס הייסט אונזערע?

פּעטיא: נו, דו שוויינ, דו ביסט א קליינע און פערשטעהסט ניט. אונזערע — דאָס הייסט, א טייל פון אונזער מלוכה.

קארלכען שמידט: אַלע לעבען אזוי, אז איינע געהען אריין אין איין מלוכה, און די אַנדערע — אין אַן אַנדערער.

מאשא: און איך?

פּעטיא: דו ביסט א רוסישע, ווי מיר אַלע.

מאשא: און אז איך וויל נים?

פּעטיא: צי ווילסטו, צי ווילסטו נים — ביסטו א רוסישע. יעדעס פאָלק האָט זיך זיין קיסר, ארמעע, נעהמט שטייערען פון זיינע.

מאשא: צי וואָס לעבען אַזוי — יעדערער בעזונדער?

פּעטיא: ווייל יעדע מלוכה וויל זיין א בעזונדערע.

מאשא: אָבער צו וואָס איז דאָס?

קארלכען שמידט: וואָס רעדסטו נאַרישקייטען? ווייל יעדער מענש האָט ליעב זיין פאטערלאַנד.

מאשא: איז דען ניט בעסער זיין צוזאמען?

פּעטיא: צוזאמען איז גוט צו שפּיעלען זיך, אָבער

דאָס איז דיר ניט שפּיעל־צייט, נאָר אַן ערנסטע זאַך.

מ אַ ש אַ: איך פערשטעה ניט.

ק אַ ר ל כ ע ן  ש מ י ד ט: וועסט אויסוואַקסען — וועסטו פערשטעהן.

## ווענען פאַטערלאַנד און שטאַט.

גאַוורילאַ—אַ רעזערוויסט. מישאַ—דעם פריץ'ס זוהן.

ג אַ ו ו ר י ל אַ: נו, מישענקאַ, זייט געזונד, ליעבער פּריצ'על. ווער ווייס, צי מיר וועלען זיך אַמאָל נאָך זעהן...

מ י ש אַ: דו געהסט טאַקי?

ג אַ ו ו ר י ל אַ: איך מוז, ס'איז ווידער מלחמה און איך בין אַ רעזערוויסט.

מ י ל אַ: מיט וועמען פיהרען זיי מלחמה?

ג אַ ו ו ר י ל אַ: ווער ווייס זיי? שווער צו דערגעהן. איך האָב אין די צייטונגען געלעזען, אָבער כ'קען ניט אַרויס־קריכען. מען זאָגט, אַז דער עסטרייכישער האָט זיך אויף אונ־זערען צובייזערט דערפאַר, וואָס ער האָט יענע... ווי הייסען זיי... געטהאָן שלעכטס.

מ י ש אַ: אָבער צו וואָס געהסט דו אויף מלחמה?

ג אַ ו ו ר י ל אַ: וואָס הייסט, צו וואָס? איך געה פערטיידיגען דעם קיסר, דאָס פאַטערלאַנד און דעם הייליגען גלויבען.

מ י ש אַ: אָבער דיר גלוסט זיך דאָך ניט צו געהן?

ג אַ ו ו ר י ל אַ: וועמען גלוסט זיך דאָס אוועקוואַרפען ווייב און קינדער; און מיר אַליין האָט זיך געלעבט גאַנץ גוט אין'ם פאַטער'ס הויז.

מ י ש אַ: טו וואָס געהסט דו? דו זאָג: איך וויל ניט און זיץ אין דער היים. וואָס קענען זיי דיר טהאָן?

ג א ו ו ר י ל א : וואס טהאן? (לאכט). זיי וועלען מיט גוואלד נעהמען.

מ י ש א : ווער?

ג א ו ו ר י ל א : אזעלכע, ווי איך... וואס אייך, מישא, פאלט איין? צופלאפעלט זיך שוין.



אויב אונזער לאנד ווערט רעגירט מיט פערשטאנד, דארפען מיר זיך שעהמען, וואס מיר האבען ניט פערטיליגט ארעמקייט און נויט; ווערט אבער אונזער לאנד רעגירט ניט מיט פערשטאנד, דארפען מיר זיך זיכער שעהמען מיט אונזערע רייכקייטען און אומגערעכטיגקייטען.

פון כינעזישע הייליגע שריפטען.



אַרבייטער (פעלזען)

אַרבײט פערײניגט פון אַנ'אנאנסע.

פון דער טיעפעניש פון הארץ

אויף דעם וויסטען בלאַסען הימעל
כאַפּט זיך אויף דער קראנקער מאָרגען,
און די גרויסע שטאָדט ערוואכט זיך,
אין דעם נעבעל גרוי פערבאָרגען.

איינגעהילט אין גרויען נעבעל,
ריהרט זיך אויף דער לעבענס־תהום
און צוגיסט זיך אין די גאַסען
אין אַ כמורנעם מענשען־שטראָם.

און עס גיסט און גיסט מיט מענשען,
זילע, געלע, ווי דער מאָרגען,
און די טעכעמענטס צו די שעפער,
אין דעם נעבעל גרוי פערבאָרגען.

א. ליעסין.



# די צוויי פּרינציפּען

איין וויכטיגע פראגע וועט שטענדיג בלייבען שטעהן אויפ'ן טאגעס־אָרדנונג, אפילו דאן ווען מיר אלע וועלען אויפהערען האלטען אונזערע רעדעס און אנטשוויגען ווערען אויף אייביג: דאָס איז דער אייביגער קאמפף איבער דער גאַנצער וועלט צווישען דעם פּרינציפּ פון רעכט און דעם פּרינ־ציפּ פון אונרעכט. דיעזע פּרינציפּען שטעהען פּנים אל פּנים איינער געגען אַנדערן זינט די געשיכטע פון דער מענש־הייט האָט זיך אָנגעהויבען. פון איין זייט איז דאָס געמיינ־שאַפטליכע רעכט פון דער מענשהייט, און פון דער אַנדער זייט איז דאָס געטליכע רעכט פון די געקרוינטע הערשער. די זעלבע פראגע עקזיסטירט אונטער פערשיעדענע פאָרמען, אָבער אי־בעראל איז עס דער זעלבער מיין, דער זעלבער נוסח, נעמליך: „איהר, קינדערלעך ארבייט און ערווערבט דעם ברויט, און איך וועל איהם שוין עסען.“

אב. לינקאָלן.



# דער מאַן מיט'ן גראָב־אייזען

## פון עדווין מארקהאם

בעוואוסטער אמעריקאנער דיכטער און סאציאליסט.

דעם שווערען יאָך פון דורות אויף זיין קארק,
מיט'ן קאָפּ אראָב צו דער צוגראָבנער ערד
שטעהט ער געלעהנט, געבראָכען דעם געמיטה,
אָהן דענקען, אָהן פערלאנג, פון לעבען מיעד.
ווער האָט איהם טוידט געמאכט צו יאוש און צו פרייד ?
א דום־פערטויבטען אָקס — א זאך געמאכט,
וואָס האסט ניט און ניט קרעכצט ?
ווער האָט דאָס מויל איהם אויפגעמאכט
און דאַן די צייהן פערקוועטשט ?
ווער האָט זיין ברעם צושויבערט מיט'ן האנד ?
ווער האָט דאָס ליכט פערטריבען פון זיין געדאנק ?
איז דאָס דער מענש, וואָס גאָט געשאפען האָט
צו זיין דער האַר אויף ים און לאַנד ?
צו זוכען דאָרט די שטערען הויך און ווייט
און ברעכען פון דער אייביגקייט די וואנט ?
איז דאָס דער טרוים, די טרייסט פון גרויסען גאָט,
וואָס האָט פון חשך־העל די זון,
א פראכט, דער וועלט געבראכט,
פון גנאָד און ליעבע ?...

דעם גיהנום דאָרט, דעם שווארצען טהאָל פון שרעק
איז פרעמד אזא געשטאלט פון בייזען שמערץ :
אזא מין קללה־בילד פון פלוך און פיין,
אזוי פיעל גאַל אין דאָס פערביטערט הערץ.

ווי ווייט ער איז פון דעם גן־עדן גלאַנץ, —
דער שקלאַף פון ערד, דער קנעכט פון ווילדען בייטש;
קיין מוזע דאַרף ער ניט, ער דאַרף קיין טאַנץ...
ער דאַרף קיין הויכע בערג, קיין שעהנע קונסט,
קיין קוואַל, קיין בלום, קיין זונען־שטראַהל.
פון רויב, פערראַט און זנות דער לאַנגער וועג
קוקט גרויזאַם דורך פון זיין צודרעהט געשטאַלט...
און פון פּראָטעסט דער קול צום יום־הדין
הילכט אַב ארום, און רופט, און וויינט, און שאַלט...

אָה, הענקער, הערשער, לאָרדען פון דער וועלט,
איז דאָס דער שטאָלץ פון גאָט'ס געקרוינטען ווערק —
אָט דיעזער שרעק פון העסליכען סקעלעט?
ווער וועט בעצאָהלען איהם זיין גרויסע שולד?
אונשטערבליך וויעדער מאַכען זיין געדאַנק,
פון הימעל ווייזען איהם דאָס טיעפע ליכט,
א שמייכעל געבען זיין פערקרימט געזיכט
און פון מוזיק דעם צויבער און דעם קלאַנג?

אָה, הענקער, לאָרדען, הערשער פון דער וועלט,
ווי וועט די צוקונפט צאָהלען דיעזע שולד?
פאַר רציחות אָהן א צאָהל, פאַר זיין געדולד?
ווי וועט די תשובה זיין פון טהראָן און מאַכט,
ווען פון המון דער גאַל און ביטער פלוך
וועט אויפהויבען די רויטע פּאָהן פון שלאַכט?...





די שניטערינס — פראנסאוא מילע.

# אָהן אַ היים

## פון א. רייזען.

געבאָרען אין 1875 אין קאָידאַנאָוו, מינסקער גוב. בעריהמטער
דיכטער און בעלעטריסט.



לט איז שוין לייזער דער בוי־ארבייטער, געבויגען געהט ער און קענטיג, אז דער שטעקען זיינער, וואָס ער האַלט אין האנד, קומט איהם שטאַרק צוניץ. מעהר, ווי אין בית־מדרש געהט ער נישט — עס איז איהם שווער און אגב האָט ער נישט וואוהין צו געהן; זיינע קינדער זיינען זיך צופאָהרען און ער איז עלענד. די אַלטע זיינע איז שוין אויף טויט: געשטאָרבען איז זי מיט דריי יאָהר צוריק, ווען ער האָט נאָך געאַרבייט, און געאַרבייט האָט לייזער אזוי לאַנג, ביז די האַק האָט זיך נישט פון זיין האנד ארויסגעגליטשט. דאַמאָלס האָבען איהם די יונגע ארבייטער געזאָגט:

— צייט שוין, ר' לייזער, אייך אָברוהען.

שוין צוויי יאָהר, ווי ער רוהט. אין גאַנצען רוהט ער ניט, עס קומט איהם אָן זעהר שווער די הוצאה זיינע. דאָס עסען איז שוין ווי עס איז: אַ פּאָר געבאַקטע קארטאָפּעל און אַ קאָפּ פון אַ הערינג קלעקט איהם אויף אַ טאָג. דאָס אומגליק איז נור, ווען עס קומט איהם אויס צו צאָהלען דעם אַלטען זלמן די צוויי גילדען דירה־געלד, ער זוכט אין מח פערוואַלגערטע בעלי־בתים, וועמען ער האָט הייזער געבויט און וועלכע זיינען נאָך איהם שולדיג געבליבען. אַ סך פון זיי לייקענען איהם; אנדערע זיינען מודה און שווערען, אז זיי האָבען ניט; טייל זיינען ניט מודה און לייקענען ניט, און וואַרפען איהם דאָך ארויס אַ פּאָר גילדען.

נור די לעצטע צייט קומט איהם אָן אַלץ שווערער און שווערער די צוויי גילדען דירה־געלד צו קריגען. ער איז שוין שולדיג דעם אַלטען זלמן פיער גילדען פאַר צוויי הדשים און עס געהט שוין דער דריטער חודש. זלמן וואָלט איהם אפילו גע־וואַרט, נור ער קען ניט — ער איז גיט קיין בעל־הבית, ער אַליין צאָהלט דירה־געלד, און איהם קומט דאָס אויך זעהר שווער אָן. זלמן איז אַן אַלטער שניידער, אויף איין אויג שוין בלינד און וואָס ער פערדיענט שוין— מישטיינס געזאָגט.

לייזער האָט אויף איהם קיין פאַראיבעל ניט, ווען ער מאָהנט אמאָל צושטאַרק, נור גוט איז דאָס איהם ניט. אין די לעצטע טעג בלייבט לייזער אין בית־המדרש ביז שפּעט נאָך מעריב. ער זיצט ביי א ספר אויף עברי טייטש און וואַרט, ביז דער זייגער שלאָגט צעהן. דאַמאָלט ווייס ער זיכער, אַז דער אַלטער זלמן שלאָפט שוין און ער געהט אוועק א היים.

דער אַלטער זלמן האָט שוין געגעבען לייזער׳ן אָנצוהערע־ניש, אַז ער וועט פערדינגען זיין אָרט א צווייטען, אויב ער וועט איהם די טעג קיין געלד ניט געבען. לייזער איז צוטומעלט גע־וואָרען. ער האָט א מורמעל געטהאָן : איילט זיך ניט, מיר וועלען זעהען. ער האָט שטיל גענומען דעם שטעקען און האָט זיך שטיל אַרויסגערוקט...

גרויס איז לייזער׳ס אומגליק געוועזען ; עס האָט דעם אַל־טען צוטומעלט, מיט שטאַרע בליקען האָט ער געקוקט אויף דער ערד און אין די זייטען. נאָר אָט פערשווינדט דאָס גרויסע אומגליק, לייזער פערקוקט זיך אויף די הייזער און פערגעסט זיך. די הייזער זיינען איהם ליעב, ער דערמאָהנט זיך אָן די אמאָליגע יאָהרען, ווען ער, א הויכער, א געזונדער, איז געשטאַ־נען און געשמאַק געאַרבייט. — אָט די שטוב, דערמאָנט ער זיך, א קוק געבענדיג אויף יענקעל דעם שענקער׳ס שעהנע הויז, האָב איך צעהן וואָכען געטהאָן. ער האָט גאַנץ עהרליך גע־צאָהלט, פינף גילדען א טאָג און פלעגט אמאָל געבען א ביסעל

בראנפען נאך דער ארבייט. — אט די שטוב — פערקוקט ער זיך אויף נאך איינער — האב איך שוין געארבייט ניט פון טאג, איך האב זיך דאמאלס אבגענארט, עס האט מעהר נישט אויס־געמאכט, ווי א האלבער רובעל צי פיער גילדען א טאג.

ער געהט פארביי דעם גביר'ס הויז. א הייזעלע, — טראכט ער און קוועלט, — נאך גאר ניי! שוין א מעשה פון א יאהר צוואנציג, — ניט שלעכט פערדיענט ביים גביר; זעקס גילדען א טאג. ער פערוואונדערט זיך: אזוי פיעל.

ער פערקוקט זיך אויף נאך און נאך הייזעלעך, וועלכע ער האט אין זיין לאנגען לעבען געבויט; זיי גיבען איהם אב גריסען און עס ווערט איהם ווארעם אין זיין אלטער, קאלטער נשמה. נור אט וואקסט פלוצלינג דאס אומגליק צוריק ארויס, ער דערמאנט זיך אן עפעס שרעקליכעס און זיין אלטער קער־פער ציטערט.

פערצווייפעלט איז ער אריין אין בית־מדרש, אבגעדאווענט מנחה, דערנאך מעריב. דער זייגער שלאגט שוין אכט, ניין, צעהן. איצטער שלאפט דער אלטער זלמן, נור לייזער האט נאך ניט בדעה צו געהן אהיים. ער זיצט ביים קב הישר, זיינע גע־דאנקען אבער זיינען ערגעץ אנדערשוואו. וואס טהוט מען? דער אלטער שמייכעלט, א גליקליכע אידעע; ער איז גליק־ליך, פון היינט אן וועט ער בלייבען אין בית־מדרש אויף שטענ־דיג, צוריק וועט ער שוין נישט געהן צום אלטען זלמן! גע־ווים, געווים — בעשליסט ער פעסט — פון היינט אן בלייב איך אין בית־המדרש. אראב אזא יאך! א קלייניגקייט, — אלע הודש צוויי גילדען... „צוויי גילדען!" רעדט ער ארויס שוין ניט אין געדאנק, נור מיט ווערטער און איהם דוכט זיך, אז פון זיין רוקען איז עפעס א לאסט אראב געפאלען און איהם איז גרינג געווארען, א משא בלייבט דאך — דער חוב! אב־צאהלען מוז מען, נור ווי אזוי? ער זיפצט.

דער בית־מדרש זייגער האט געשלאגען צוועלף. דער אל־

מער לייזער זיצטביים טיש און דרעמעלט און איהם חלומט זיך, אז דער אַלטער זלמן זיצט נעבען איהם און נעהט, און נאָך יע־דען שטאָך אין קלייד גיט ער איהם מיט'ן נאָדעל אַ שטאָך אין די אויגען.

— זייט מוחל, דאָ איז מיין אָרט! — האָט בעז געברומט דער אונטער־שמש — איך דארף זיך לעגען.

לייזער האָט אָנגעהויבען רייבען די אויגען, ענדליך איז ער צו זיך געקומען. דער אונטער־שמש האָט איהם טרוקען ער־קלערט, אז דאָ איז ניט קיין הקדש און די גבאים האָבען פער־זאָגט, אז מען זאָל קיינעם ניט לאָזען נעכטיגען.

אוים!

און געהענדיג צוריק צו דעם אַלטען זלמן, האָט שוין לייזער ניט געקוקט אויף די הייזער, וועלכע ער האָט געבויט; עס איז געוועזען זעהר אַ פינסטערע נאַכט, לאַנגזאַם איז ער געגאַנגען; עס איז איהם ליעבער געוועזען צו שלעפען זיך אין דער פינסטערער נאַכט, איידער צו קומען צו דעם אַלטען זלמן. וואָס וועט זיין דער סוף? איהם וועט אויסקומען צו לעגען זיך... אויפ'ן גאַס!

— אוי! — האָט ער אַ קרעכץ געטהאָן.

איצט האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס זיין אַלטע האָט איהם אמאָל געזאָגט: „לייזער, לאָמיר זיך פערזאָרגען מיט אַ שטי־בעלע". זי איז געוועזען גערעכט; איצט האָט ער מאַקי ניט ווי אהינצוטהאָן זיך. ווערט ער אויף זיך אין כעס און זידעלט און שילט זיך אליין:

— אַלטער נאַר! — הייזער האָסט דו געבויט און אויפ'ן גאַס וועסט דו שטאַרבען.

# דער שרייבער און דער פעללאַה

פון עגיפטישען אלטערטהום. 1400 פאר כריסטוס, אָדער נאָך פריהער.
אַ בריעף פון אַ פאָטער צו אַ זוהן.



יך האָב געהערט אַז דו ווילסט אַוועקוואַרפען לערנען און אַז דו האָלסט אין איין טאַנצען; איך האָב אויך געהערט, אַז דו ווענדסט דיין פנים צום פעלד און קעהרסט זיך אום מיט'ן רוקען צו די געטליכע קליינע אותיות.

איך זעה, אַז דו האָסט פערגעסען די אומר שטענדען, אין וועלכע דער פעללאַה נעהמט צונויף זיינע תבואה. די ווערים עסען אויף איין העלפט און דער גראָ־בער וויסער־פערד די אַנדערע העלפט. די מייז קומען אָן אין מחנות און די היישעריקען שווירבלען און גריבלען אין די פעלדער. ס'ארא פינסטערען מזל דער פעללאַה האָט! וואָס ס'בלייבט, (די בהמות פרעסען אויף און די פייגלעך גנב'ענען), נעהמען צו די גנבים. דער קופער ווערט אויסגעניצט, און די פערד פגר'ען פון שווערער ארבייט. דאַן קומט דער שרייבער, וואָס דאַרף צונעהמען די תבואה פאַר דער רעגירונג. זיינע בעגליי־טער טראָגען פעקלעך, די נעגערען האַלטען שטעקענס פון פאַל־מען־האָלץ, זיי שרייען „גיב דיין קאָרן!“ אָבער קיין קאָרן איז ניטאָ. זיי ציהען אוים דעם פעללאַה און שמייסען איהם; זיי בינדען איהם און וואַרפען איהם אריין אין קאַנאַל מיט דעם קאָפּ אראָב; זיי בינדען זיין ווייב פאַר זיינע אויגען, און נעהמען צו די קינדער. די שכנים מישען זיך ניט אריין, און לויפען זעהען, וואָס הערט זיך מיט זייער קאָרן.

# די אָרגאַניזאַציאָן פון אַרבייט

## פון לואי בלאַן

1811—1882

בעוואוסטער פראַנצויזישער סאָציאַליסט־אוטאָפּיסט, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראַגען מיט דער אידעע, אז דער שטאַאַט, די רעגירונג איז מחויב צו ארגאניזירען די פּראדוקציאן און פערשאפען ארבייט די ארבייטסלאָזע.

אין 1848, ווען אין פראַנקרייך איז פּראקלאמירט געווארען די 2־טע רעפּובליק, האָט די זיעגרייכע רעוואָלוציאנערע מאסע פון פּאַריז בעשטימט לואי בלאנ׳ען אלס א מיטגליעד אין דער צייטווייליגער רעגיערונג.



אָס איז אַזוינס קאָנקורענץ צווישען אַרבייטער פון זייער קלאַסען־שטאַנדפּונקט?

קאָנקורענץ פאַר זיי מיינט אַן אוקציאָן, א ליציטאַציע, וואו מען פערקויפט, ווי עס לוינט בעסער. א קאָנטראַקטאָר דאַרף אַן אַרבייטער, פרעגט ער איינעם:

„וויפיעל ווילסטו פאַר דיין אַרבייט?“

„אזוי פיעל און אזוי פיעל“, — ענטפערט ער. „איך האָב א ווייב מיט קינדער“.

„גוט“, — זאָגט דער קאָנטראַקטאָר: „און דו?“

„וועניגער, — ענטפערט דער צווייטער אַרבייטער“. איך האָב נור א ווייב. קיין קינדער זיינען נאָך, גאָט צו דאַנקען, ניטאָ“.

„זעהר גוט“, — בעמערקט ווייטער דער קאָנטראַקטאָר. „און וויפיעל ווילסטו פאַר דיין אַרבייט?“ — פרעגט ער דעם דריטען אַרבייטער.

„אָה, נאָך ווענינער,“ — ענטפערט דער. „גאָר א קליי־ניגקייט, איך בין נאָך ניט פערהייראַטה.“

„אויף אזא אופן", — ערקלערט דער קאנטראקטאר. „נעהם איך דיר צו דער ארבייט".

דער מסחר איז געמאכט. די מציאה איז געקויפט. פרעגט זיך א קשיא, וואס וועלען טהאן די איבריגע צוויי ארבייטער? דער תרוץ איז, אז זיי וועלען רוהיג שטארבען פון הונגער.

און וואס וועט געשעהען, אויב זיי געהען, חס ושלום, גנב'ענען? אה, האט קיין מורא נים! אויף דעם עקזיסטירט פאליציי.

און אז זיי געהען הרג'ענען?

נו, איז דא א הענקער, א תליון.

און וואס זשע וועט געשעהען מיט'ן גליקליכען, דריטען ארבייטער, וועלכער האט שוין געקראגען דעם פלאץ?

אה, זיין גליק וועט ניט דויערען לאנג. זאל נור קומען א פיערטער ארבייטער, וועלכער וועט אביסעל צוהונגערען, וועט ער זיך פערקויפען נאך ביליגער.

און דאן וועלען מיר האבען נאך אן אויסוואורף, אפשר נאך א קאנדידאט פאר דער תפיסה.



# אן ענטפער

פון וו. טאפט.

עקס־פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאאטען. געבארען אין 1857.

„וואס זאל טהאן א הונגעריגער, וואס קען קיין ארבייט ניט קריגען?"

„גאט וויים!"

# אין קעלער

## פון יונה ראָזענפעלד.

געבאָרען אין 1882, אין אַ דאָרף פון וואָהלינער גובערניע. זיין ערשטע ערצעהלונג איז געווען אָבגעדרוקט אין 1904.



ינטער צוויי אַ זייגער הויבט זיך אָן פון די ווינקלען ארויסצוריקען די נאַכט . די ווייס־פערפרוירענע פענסטער, וועלכע שטעהען טיעף אין דער ערד, ווערען טונקעלער און טונקעלער.

— איך זעה שוין ניט צו ארבייטען — הערט זיך אַ קול.

— איך זעה שוין אויך ניט.

— מ׳דארף אָנצינדען אַ לאָמפּ.

— אין דרויסען איז נאָך האַלבער טאָג.

— אָבער דאָ איז שוין פינסטער...

— אַ גאַנצען טאָג איז דאָ פינסטער...

אַלע ווארפען זיך איבער מיט קורצע פראַזען, אַלע רעדען ווי ברוגז׳ע. עס פיהלט זיך אַ פערדרוס, קיינער וויל ניט פער־כאַפּען אזוי פריה די נאַכט. און האָטש זיי זעהען שוין ניט יוי צו ארבייטען, דאָך האַלטען די ארבייטער איינגעגראָבען די אוי־גען אין די שטיקער האָלץ, ארבייטען אָב אַ פּאָר מינוט, האַפּען אַ קוק אין דרויסען ארויס און הויבען ווידער אָן צו קלאָגען זיך, אַז דאָ איז פינסטער.

יאָסע זיצט שוין אויפ׳ן ווארשטאַט, ער וואָלט געוואָלט אַ גאַנצען טאָג זאָל ברענען אַ לאָמפּ, ער זיצט און שווייגט, — ריהרט ניט מיט קיין אבר.

— נפתלי, — רופט זיך עמיצער אָב, — וויפיעל וואָלסטו געוואָלט, אַז דו זאָלסט איצט אַראָבגעהן אין „לאָך“ אריין ?

— ווער ? איך ?... אפילו קיין הונדערט ניט.

האָטש בייטאָג איז אינ׳ם לאָך, אין וועלכען מען זאָגט, אַז

„שרים האלטען זיך אויף", ניט ליכטיגער, ווי איצט, דאך וויל נפתלי ביי טאג ניט מעהר, ווי פינף־און־צוואנציג רובעל.

עס ווערט שטיל, קיינער ארבייט שוין נישט, אלע זיצען אויף די ווארשטאטען.

— ווי איז אין דרויסען? — פרעגט עמיצער.

— א שטארקער פראסט.

— מיט א ווינד?

— נו, וואס וועט זיין? ער וועט באלד אריינקומען און מיר זיצען צוזעצט אויף די ווארשטאטען.

— מ'דארף אנצינדען דעם לאמפ.

— איך האב נאך ארבייט און ארבייט.

— איך אויך.

ענדליך צינדט מען אן דעם לאמפ.

אבגעארבייט א שעה אנדערטהאלבען, האפט נפתלי ארויס זיין קליין ניקעל־זייגערעל, קוקט א מינוט צייט, ווי ניט גלויבענדיג זיינע אויגען און שרייט ענדליך פערדראסיג אויס: טפוי זאל דאס ווערען, געהט עס ניט איינגעהאלטען?

— ווי פיעל? — גלאצען אלע אויס די אויגען.

נפתלי קוקט נאך אלץ אויפ'ן ציפערבלאט און זאגט קוים ארויס מיט א שטילען קול: ערשט האלב פינף.

— האלב פינף? — פרעגען אלע איבער ערשטוינט.

— ס'איז ניט מעגליך.

— עס קען ניט זיין אין דער וועלט...

— עס דארף שוין זיין שפעטער.

די ארביימער דוכט זיך, אז זיי זיצען אזוי לאנג ביים לאמפ, זיי קענען גאר אליין ניט משער זיין וויפיעל. די הערצער ווערען ביי אלעמען שווער און טרויעריג, ווי מען וואלט זיי אנגעזאגט די ערגסטע בשורות. און די ארבייט ווערט זיי נאך שווערער, נמאס'דיג. אלעמען גלוסט זיך אנטלויפען וואס גיכער, אנטלויפען ערגעץ ווייט־ווייט.

— הערסטו, דיין זייגער גערט איינגעהאַלטען.

— אַ ציבעלע, ניט קיין זייגער, — שרייט נחום׳צע פער־דראָסיג.

— דיין זייגער ליינגט, ווי דו, — שרייט זעליג.

נפתלי שטעהט ווי אַ שולדיגער און קוקט טרויעריג אויף זיין אונגליקליך זייגערעל, ווי מען מאַכט עס צו שאַנד און צו שפּאָט — ער קוקט דערויף, ווי ער וואָלט זיך מישב געווען, צי אַריינלעגען עס, צי אַוועקוואַרגען.

מיט אַ מאָל לויפט נחום׳צע צו, גיט אַ ריס ביי איהם דאָס זייגערעל, האַפּט אַ קוק, לעגט צו צום אויער און הערט זיך איין, צי עס געהט. די אויגען זיינע שטעהען ווי פערגליווערטע.

— ס׳געהט ?

— דאָס זייגערעל געהט ?

— ס׳שטעהט ?

נחום׳צע ענטפערט ניט, פונקט ניט איהם פרעגט מען. ער גיט ווידער אַ קוק אויפ׳ן ציפערבלאַט, גיט אַ לעג צום אויער, און איהם דוכט זיך, אַז דאָס זייגערעל קלאַפּט שוואַך. ווערט ער עפּעס ווי אויפגעמונטערט ; אפשר געהט דאָס לאַנגזאַם ? ענדליך גיט ער איהם אָב שווייגענדיג דאָס זייגערעל, לאָזט זיך מיט אַן איינגעהאַלטענעם כעס צום וואַרשטאַט און נעהמט זיך פויל אַרבייטען.

אין קעלער ווערט ווידער שטיל. אַ פערביסענע, איינגע־האַלטענע שטילקייט וויקעלט זיך אַרום די הערצער, ווי אַ פער־כשוף׳טע שוואַרצע שלאַנג און נאָגט, נאָגט דאָס האַרץ, ציהט ביי דער נשמה, און דאָס האַרץ ווערט לעדיגער און לעדיגער און די נשמה בענקט.

יאָסע שטעהט און קרעכצט און דאָס מאָל לאַכט הברה ניט פונ׳ם אַלטען, קאָמישען מענשען, עס דוכט זיך, אַז דאָס קרעכ־צען געהט פון ווייט־ווייט, אַז דאָס איז אַ קרעכצען פון טויזענ־

דער יאָסעס, וועלכע האָבען אָבגעגעבען זייערע אַלע כחות, זייער גאַנץ לעבען.

— ממזר ! — גיט ער פּלוצלונג אַ געשריי — ס'איז איהם ניט איבערצודרעהען !

אַלע האָבען דערשראָקען אַ וואַרף געגעבען מיט די אויגען; זיי דוכט זיך אויך, אַז זייערע וואַרשטאַטען געהען שווער, ניט איבערצודרעהען.

די שטילקייט ווערט נאָך געדיכטער, נאָך דריקענדער.

— עפּעס מיין וואַרשטאַט מאַכט מיר היינט אויך שטיק — דערהערט זיך נחום'צעס קול.

— מיינער אויך, — ענטפערט אַ צווייטער.

זיי שטעלען אָב די וואַרשטאַטען, בעקוקען זיי, שמירען אָן און אַרבייטען ווייטער. עס ווערט ווידער שטיל, אַלע שטעהען פערזונקען אין טרויעריגע געדאַנקען. איינער פערגעסט אָן צוויי־טען, יעדער פיהלט זיך איינזאַם, עלענד, אַליין אין אַ קעלער און די ווענד קוקען ווי ברוגז איינע אויף די אַנדערע, און דער קויטיגער סופיט קוקט אַראָב אויפ'ן שוואַרצען דיל אַ איינגעהיל־טער אינ'ם גראָבען שפּינוועב, וואָס הויבט זיך הין און צוריק.

— נפתלי, גיב זיי מוחל אַ קוק אויפ'ן זייגער, — בעט זיך יאָסעל.

— אַ פערטעל אויף זיבען.

— ערשט אַ פערטעל אויף זיבען ?

— עס זאָל מעהר ניט זיין, ווי אַ פערטעל אויף זיעבען ! — וואונדערען זיך אַלע.

ווידער נעמען זיי זיך אַרבייטען און יעדער בעזונדער וואַרפט אַרויס מאָדנע שטיק פון אונגעדולד, איינער קלאַפּט מיט'ן טריט, אַ צווייטער רייסט מיט אַלע כחות דאָס שטיק האָלץ מיט'ן געצייג, אַ דריטער שילט... און באַלד ווערט שטיל, עס הערט זיך דאָס טאַקען און דער גאַנג פון די וואַרשטאַטען.

— נפתּלי, וויפיעל איז דער זייגער ? — פרעגט ווידער עמיצער.

— זיעבען, — ענטפערט נפתּלי און צולעגענדיג דאָס זיי־נערעל צום אויער, שרייט ער פרעהליך אויס : דאָס זייגערעל שטעהט ! ס'שטעהט !

— וואָס דען, ערשט זיעבען ? איך האָב פריהער געהערט, אַז דאָס זייגערעל איז קוים וואָס ס'איז געקראָכען — מאַכט נחום'צע.

— ס'איז שוין געוויס ניין אַ זייגער.

— געוויס !

— מעגסט שוין ס'זייגערעל אויסבייטען אויף אַ נייעם.

— אודאי, וואָס דען !

— ר' יאָסע, שאַבאַש ! הערט אויף צו קרעכצען.

— שאַבאַש, שאַבאַש ! — שרייען אַלע.

יאָסע גיט אויף זיי אַ ווייכען קוק, און חברה פערגעסט ניט דערוויייל אריינוואַרפען יאָסען אַ פּאָר ווערטלעך, נאָר יאָסען אַרט דאָס איצט ניט. אַלע לאָזען זיך מיט אַ מאָל צו דער טיר, קיינער וויל ניט איבערבלייבען דער לעצטער, נור די טיר עפענט זיך און דער בעל־הבית בעוויייזט זיך אין אַ פּעלץ.

— וואוהין איז ?

— וואָס הייסט וואוהין ? אַהיים !

— אַהיים ! משוגע. וואָס איז די גדולה מיט אייך ?...

ער חאַפּט דאָס זייגערעל אויס, גיט אַ קוק : משוגע זיינען אייערע קעפּ ! אַ פערטעל אויף אַכט אַ היים ?

— אַ פערטעל אויף אַכט ?

— גיט אַ קוק... נאַ דיר גאָר אַ היים שוין.

אַלע שטעהען מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ און אין פערצווייפ־לונג לאָזען זיי זיך צוריק געהן צו די וואַרשטאַטען מיט לאַנג־זאַמע טריט, ווי מען געהט נאָך אַ טויטען.

# אין די גרובען

## פון פאטריק מעגילל.

**א יונגער אירלענדער פאעט, בעוואוסט אונטער דעם נאמען : דער פאעט פון ערדגרעבער. געבארן אין 1890.**



ויזענדער ערד־גרעבער האבען דאן געהארעוועט ביי די קינלאקלעווענער וואסער־ארבייט. מען האט עס אזוי גערופען, ווייל נור די קאנטראקטארם האבען געוואוסט אויף ריכטיג וועגען דעם ענד־ציעל פון דער זאך. וואס איז שייך אונז, האבען מיר געגראבען די ערד „אין דער בלינד“, אהן שאלות און טענות; און ווען איינער פון אונז וואלט שוין יא געשטעלט א פראגע וועגען דעם צוועק פון אונזער ארבייט, וואלט מען איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. און אין דער אמת׳ן, און צוליעב וואס טאקע דארף מען פרעגען? למאי? אויב היינטווארפט מען דאס רויטע מיסט איבער א וואנט, כדי עס צוריק אריבערצוּווארפען אויף מארגען — וועמען, צום טייוועל, וועט עס ארען ווען די אייגענע מעשה האלט אן דאס גאנצע לעבען, און יעדען טאג ביי דער זעלבער וואנד? זאל מען נאר צאהלען די שכירות און האבען אויף תיונה.

מ׳האט נעדארפט א געוויסע צאהל טאנען ערד ארויסגראבען און ערגעץ וואו אוועקווארפען; האבען מיר עס ארויפגעהויבען און אוועקגעווארפען. מ׳האט בעדארפט א שטיק פון אייזען־הארטע פעלז אויפרייסען און אוועקטראגען — האבען מיר עס אויפגעריסען און אוועקגעטראגען. אבער מיר האבען קיינמאל קיין פראגען ניט געשטעלט און ניט געהאט קיין שום אהנונג צו וואס דאס ווערט געטהאן.

ערשט, ווען מיר האבען פערענדיגט די ארבייט און צוריקגעקומען אין שטאדט, זיינען מיר געוואהר געווארען פון די

ציימונגען, אז מען האָט אונז אויסגענוצט אויף צו בויען די גרעסטע אַליומינום פאַבריק אין ענגלאַנד, און אַז בערג און טהאַלען זיינען אויסגעגלייכט געוואָרען אין דיעזער ריזיגער שטיק ארבייט.

דער אונבעגרייפליכער סוד פון דער פינסטערער נאַכט און פון דער נאַקעטער וויסטע האָט געשוועבט אונפערשטענדליך־געהיימניספול און הארטנעקיג־קאַלט אין יענעם אָרט.

ווי מכשפות ביי זייערע שד'ימלעך האָבען זיך אַרום אונז אויסגעזעצט די גרוי־אַלטע בערג, טרוימענדיג וועגען לעבען, פון וועלכען זיי האָבען ניט געוואוסט ניט דעם אָנהויב, ניט דעם סוף. אָפען פאַר אַלע פיער ווינטען פון דער וועלט און אַלע רעגענס פון הימעל זיינען זיי דאָן געשטאַנען פאַר יאָהרען אָהן א צאָהל, אין זייער גיהנם'שער מאַכט, אָהן שלאַכטען און אָהן מפּלות, — ביז וואַנען א מענש מיט זיינע שלאַפע הענד און זיינע קליינע וועדקצייג איז געקומען צוברעכען דעם גייסט פון אַלט־אַלטען גיגאַנט.

און מיר, וואָס האָבען אויף זיך גענומען דיעזע אויפגאַבע, זיינען געווען נור די פערשטויסענע פון דער געזעלשאַפט.

דער בלינדער מזל און א גרויסע אונברחמנות'דיגע מאַשין האָט בעשטימט דאָס אָרט פון אונזער עקזיסטענץ.

מען האָט אונז פעראַכטעט, בעת מיר זיינען ניצליך גע־ווען ; מען האָט אונז געיאָגט, ווען מיר זיינען נויטיג געווען און מען האָט אָן אונז פערגעסען, ווען די צרות האָבען שווער גע־לעגט זיך אויף אונזערע קעפּ.

און מ י ר האָבען דאָס געדאַרפט זיין די העלדען צו שטריי־טען מיט דעם רוח פון דער וויסטע, און מ י ר האָבען דאָס גע־דאַרפט איהר אויסטהאָן פון איהרע אורשפּרינגליכע שרעקען און פּאַרצייטיג־אַלטע ווילדערנישען.

וואו מיר האָבען געאַרבייט, האָב איך געטראַכט, וועט א דאַנק אונזער שוויים און בלוט א שטאָדט געבאָרען ווערען.

אבער, אז זי וועט שוין אויפשטעהן דיעזע שטאדט, — דאס קינד פון אונזערע הענד, וועט אך און וועה זיין צו די פון אונז, וועל־כע וועלען וואגען „אהן א פעסטגעשטעלטען אדרעס" צו קומען אויף איהרע גאסען און בולווארען. ווי אן ארומטרייבער וועט מען איהם פערהאלטען און ווי אן ארומלויפער פעראורטיילען.

גראדע אין דעם מאמענט, ווען איך האב אזוי געוועבט דעם פאדים פון מיין פאנטאזיע, האט א שפיציג־פערשארפטער־שטיק פון א פעלז אראבגעריסען זיך אין דעם טיפען גראבען און א יאמערליכער געשריי האט פלוצלינג איבערגעריסען דאס פראסטע ליעד פון אן ערד־גרעבער. דאן האב איך אין אבגרונד דערזעהן מענשען, בעדעקט מיט דער רויטער מיסט, און שפעטער האט מען א שטומען קערפער אויף נאסילקעס דורכגעטראגען פארביי די נידערגעשלאגענע חברים...

נאך א פיאנער פון דער ציוויליזאציאן האט אבגעגעבען זיין לעבען פאר דער זאגענאנטער געזעלשאפט.

איינמאל א ווינטער פארנאכט איז געווען עפיס בעזאנ־דערס טרויעריג. די זון איז אונטערגעגאנגען א פערשלייערטע אין בליי־שווערע וואלקענס, דער רויטער פאס אין מעריב איז דונקעל געווארען. די שטראהלען האבען זיך אנגעהויבען אויס־לעשען איינע נאך די אנדערע, אין גיכען זיינען די שפיציגע בערג מיט חושך פערדעקט געווארען, דורך וועלכען קיין איין שטערן האט ניט געוואלט דורכדרינגען מיט זיין פינקעלדיגען ליכט.

אויף מארגען האבען מיר גענדארפט אבווארעמען די צוגע־פרארענע טהיר, כדי ארויסצוקריכען פון אונזער בלאטיגען צי־מער. אין דרויסען איז געלעגען א זעהר געדיכטער שנעע, ס׳האט אויסגעזעהן, אזוי ווי דער ווינטער האט אומישנע אויסגעלע־דיגט אלע זיינע פראסטיגע אוצרות אויף דער זינדיגער וועלט.

ניט קיין געקאמטע, אבגעריסענע און אהן מוטה האבען מיר זיך גענומען צו דער ארבייט, און דער שנעע... דער שנעע איז געפאלען אויף אונזערע פלייצעס און דורכגעדרונגען מיט

עקשנות דורך די אויסגעטראָגענע און אָבגעטראָטענע שטיוועל.

די גריבער און גראָבענס זיינען געווען איבערפילט מיט אַ שיטערער מאַסע פון בלאָטע און אייז, און מיר האָבן געדאַרפט טאַפּן ביז׳ן גרונט, כדי צו געפינען אונזערע לאָפּעטעס און האַמערס, דאַן האָבן מיר זיי געהאַלטן אונטער די רעקלעך ביז די וואַרימקייט פון אונזער קערפּער האָט צולאָזן דאָס גראָב פערגליווערט אייז. דאַן זיינען מיר געגאַנגען צו דער אַרבייט.

יעדע ווײַלע אין פערלויף פון טאָג פלעגן זיך די ווינטן צונויפגעקומען אין אַ זאַווערוכע און דער פראָסטיגער שנעע פלעגט אונז דורכנעהמען ביז׳ן ביין.

אונזערע אינסטרומענטן זיינען דאַן פערפראָרן געוואָרן, און די הענד אונזערע זיינען פון זיי געוואָרן צופּאַסעוועט מיט רויט־בלאָהע צייכענס.

דאָ און דאָרט, ווי שאָטענס אויף אַ וואַנד, האָבן זיך אויף דעם אונענדליכען ווייסן שנעע־טישטוך קליינע שוואַרצע פיגורען בעוועגט.

קליינע שנירעלעך פאַרע פלעגן זיך בעווייזן פון זייער אָטהעם און גלייך פערשווינדען אין דער פערגליווערטער לופט, אזוי ווי דער הויך פון שוועמלעך, וואָס האַלטען זיך אין בראָטען.

אַז די נאַכט איז געקומען, האָבן מיר זיך אַלע צוזאַמענגעקליבען אַרום דעם אויווען און זיך ווינטער־מעשה׳לעך דערציילט: ווי מענשען זיינען געפאַלען האַרט־פערגליווערט אין די גראָבענס אַרום, ווי זיי האָבן זיך געפּלאָגט און געמוטשעט ביז זייער פינסטערען סוף.

אייניגע האָבן געפּרואווט ביים אַריינגאַנג אין ביינער אָדער אין קאָרטען שפּיעלען, אָבער דער ווינד, וואָס האָט געבלאָזן דורך די ווענד האָט עס, משמעות, ניט געקענט דולדען און האָט זיי גיך פעריאָגט צוריק צום פייער־אויווען.

און טאַקי, די ווינדען, אויף דרויסען, האָבן געפּראַוועט אַן אמת׳ען שדים־טאַנץ , אַריינפייפענדיג מיט רוגזה זייער קאַל-

מען אָטהעם דורך יערען שפּאַלט פון די צולעכערטע קלעצער, אַזוי ווי זיי וואָלטען בעשטימט צו צואווארפען אויף אַלע זייטען די אַלטע הילצערנע וועגד.

מיר האָבען זיך נעהנטער און נעהענטער גערוקט צום פייער און די אַלע, וואָס האָבען ניט געקענט, אויס מאַנגעל אין פּלאַץ, גענייסען פון דער געבענשטער ווארימקייט, האָבען זיך פערקליבען מיט הענד און פים אונטער די דינע צוריסענע קאָלדרעס.

פּלוצלונג, איז דער לאָמפּ פערלאָשען געוואָרען, און די ווינקלען פון אונזער חדר זיינען איינגעטונקט געוואָרען אין אַ טרויעריגער מרה־שחורה. מיינע חברים ביי'ם פייער זיינען מגולגל געוואָרען אין פאַנטאַסטישע אונבעשרייבליכע פיגורען.

זעלטען האָט מען די געלעגענהייט צו זעהן אַזעלכע שוידערליכע הענד.

ביי פיעלע האָבען פינגער געפעהלט; ביי אַנדערע זיינען זיי צודרעהט געווען; ביי פיעלע זיינען די הענד מיט שראַמען און לעבער אויסגעפּלאַסטערט געווען — לעבעדיגע עדות פון אַ פערצווייפעלטען קאַמפּף פאַר אַ ריזיקאַלישען לעבען.

די פּנים'ער פון מאַנכע האָבען געהאַט דעם אויסדרוק פון מענשען־פרעסענדע ריעזען, — ריעזען, וואָס האָבען זיך אויף אַ טייוועלשער נאַכט־הוליאַנקע פערזאַמעלט.

אין דעם בלאַסען, ניט אָנציהענדען ליכט האָבען די טיעף איינגעזונקענע אויגען פון דיעזע פערביטערטע נפשות עפּעס מיט אַ האַרץ־קלעמענדען עלענד געברענט.

און ווי איך האָב עס אַזוי בעאָבאַכטעט, האָט מיין נשמה מינוטען־ווייז אַ טוידט־שרעק צוזאַמענגעצויגען, און אויף אַ מאָמענט האָב איך זיך אַריבערגעטראָגען אין דער פאָרהיסטאָרישער וועלט־פעריאָדע, ווען מענשען האָבען ווי חיות אין היילען געלעבט.

# דער מיסט - מאַן

## פון אַפּטאָן סינקלעיר.

בעקאנטער אַמעריקאנער שרייבער און סאָציאַליסט.



י ארבייט האָט ער זיך אויסגעלערנט אין א מינוט. די מיסט האָט זיך געשאָטען פון די פיעלע לעבער אין דער קלאַפּענדער מיהל און געשטראָמט שנעל, ווי א ברייטער, ברוינער טייך, פערשלייערט אין וואָלקענס פון דינינקען, צופוליעטען שטויב.

יורגיס האָט געקראַגען א לאָפּעטע און זיין אויפגאַבע איז געווען אַנצושיטען דיעזע מיסט אין וואַגענס. אז נאָך אַנדערע האָבען גענומען אַ אנטהייל אין דער אַרבייט, האָט ער געוואוסט פון דעם פאקט, וואָס אַלע ווייזלע פלעגט זיין לאָפּעטע א קלונג טהאָן אָן אַן אַנדער לאָפּעטע. ווען ניט דאָס, וואָלט זיך איהם געדאַכט, אַז ער איז אַליין, מחמת אין דעם געדיכטען נעבעל פון שטויב-שטורם האָט מען ניט געקענט זעהן ווייטער פאַר'ן נאָז.

אַז ער פלעגט אָנפילען איין וואָגען, פלעגט ער דאַרפען טאַפּען אַרום זיך ביז אַן אַנדער וואָגען פלעגט אָנקומען און, אויב קיין וואָגען איז ניט געווען ביין האַנד, פלעגט ער אַזוי שטעהן און טאַפּען. אין 5 מינוט איז ער אויף אַזא אופן פערוואַנדעלט געוואָרען אין א הורבע מיסט — פון קאָפּ ביז די פיס. אמת, מען האָט איהם געגעבען א גאָמקע אויפ'ן מויל, כדי ער זאָל קענען אָבאָטהעמען, אָבער די מיסט האָט זיך דאָך צונויפגעפּרעסט, ווי טייג אויף די אויגען און ליפען, און פערלעגט די אויערען, ווי מיט א שטיין. ער איז געווען אויסגעשמירט פון די האָר ביז די פיס און פערשאָטען אויף אַזוי פיעל,

אז ער האָט אויסגעזעהען, ווי אַ ברוינער געשפּענסט אין אַ בין־השמשות. און ברוין איז געווען די גאַנצע אומגעגנד, די מיהל, דער הויף, דער פּלאַץ ארום — אומעטום וואו דער ווינד האָט נאָר געקענט אוועקטראָגען די מיסט פון — דורהאם און קאָמ־פּאַני. ער האָט געאַרבייט אין איין העמדיל, ביי הונדערט גראַד היץ. די פּאַסבאַטען פלעגען דורכנעמען אלע לעכעלעך פון זיין הויט. אין 5 מינוט האָט ער שוין געהאַט אַ קאָפּ־וועהטאָג און אין 15 מינוט איז ער שוין כמעט צוטומעלט געווען.

דאָס בלוט האָט ביי איהם העפטיג געקלאַפּט, ווי דאָס קלאַ־פּען פון אַ לאָקאָמאָטיוו. ער האָט געפיהלט אַ שרעקליכען שמערץ אין שאַרבען און קוים וואָס ער האָט געקענט קאָנטראָלירען זיינע הענד — אזוי האָבען זיי געציטערט. ווייל־ווייז האָט זיך איהם געגלוסט אוועקוואַרפען די ארבייט, נאָר ער פלעגט זיך גלייך דערמאָהנען אָן די פיער מאָנאַטען ארבייטסלאָזיגקייט און ער איז געבליבען ענטשלאָסען מיט דעם וואָהנזין פון אַ פער־צווייפעלטען.

אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט ער אָנגעהויבען צו ברעכען. ער האָט געבראָכען ביז גאַל, אזוי אז די געדערים זיינען שיער ניט צוריסען געוואָרען. דער באָס האָט גע׳טענה׳ט אז דאָס איז גאָר ניט, אז מען קען עס אַלץ איבערטראָגען, אז דאָס איז אַ פראַגע פון אַ שטאַרקען ווילען... יורגיס האָט אָבער געדענקט אז דאָס איז ניכער אַ פראַגע פון מאָגען און נויט.

צום סוף פון דיעזען שרעקליכען טאָג האָט ער זיך קוים געקענט האַלטען אויף די פיס, און ער האָט זיך געדאַרפט אַלע ווייל אָנשפּאַרען אָן אַ וואַנד, אום ניט אַנידערפאַלען.

די איבעריגע פלעגען גלייך נעהמען דעם וועג צו אַ סאַלון, אָבער יורגיס איז געווען צו קראַנק, אז ער זאָל קענען טראַכטען וועגען טרינקען. די איינציגע זאַך, וואָס ער האָט נאָך געקענט טהאָן — איז ארויסגעהן אין סטריט און מיט אונזיכערע טריט זיך אריינזעצען אין אַ קאַר. ער איז געווען

א שטיקעל לײַ, און שפּעטער, אז ער האָט זיך שוין איינ־געלעבט אין זיין מיסטיגער וועלט, איז ער געווען א בעלן צו מאכען א שפּאטעל — זיך אריינקלייבען מיט'ן עיפּוש אין א קאר און זעהן, וואָס וועט פּאסירען... איצטער אָבער איז ער געווען צו קראנק צו דענקען וועגען דעם — צו זעהען, ווי דער עולם אין קאר האָט אָנגעהויבען שווער צו אָטהעמען און שפּריצען מיט שפּייעכץ, ווי טיכלעך האָבען פּערדעקט אַלע נעזער, ווי בייזע אויגען האָבען זיך אויף איהם אָנגעשטעלט. יורגים האָט נאָר בעמערקט איין זאך — אז א מאן, וואָס איז געזעסן אנטקעגען, האָט גלייך פּערלאָזען זיין פּלאַץ, אז זיינע צוויי שכנים פון רעכטס און לינקס האָבען זיך גלייך אָבגעטראָ־גען, און אז די גאנצע קאר איז גלייך אויסגעלעדיגט געוואָרען.

פּערשטעהט זיך, אז ווי נור יורגים איז געקומען אהיים, האָט זיך זיין גאנצע וואוינונג פּערוואנדעלט אין א מיסט־פּאב־ריק. דער שמוץ אויף זיין הויט איז געלעגען א האַלבער אינטש גראָב. דער גאנצער קערפּער איז געווען פול מיט דער מיסט און עס וואָלט גענומען א וואָך פון שווערסטע האָרעוואַ־ניע, כדי עס אַרויסצונעהמען פון איהם. אין דיעזער הינזיכט האָט ער געקענט פּערגליכען וועלען מיט א נייע ערשיינונג — א נייעם אויסגעפּונענעם שטאָף, וועלכער גיט אַן אונבעגרענעצטע מאָס פון ענערגיע, און וועלכע הויבט זיך ניט אָן צו פּערקלע־נערען אין קראַפט...

דער ריח פון איהם איז געווען אזוי שטאַרק, אז ער האָט מיט דעם אָנגעשטעקט אַלע שפּייזען אויפ'ן טיש און געמאַכט ברעכען די גאַנצע משפּחה; וואָס איז שייך איהם זעלבסט, האָט עס געדויערט דריי טעג, איידער עפּעסוואָרג האָט זיך גע־קענט האַלטען אין זיין מאָגען, מחמת ער האָט געמעגט וואַשען זיינע הענד, נוטצען א מעסער און א גאָפּעל — איז אַלץ האָט מויל און די האַלז געווען פול מיט דעם גיפט פון דער מיסט.

און דאָך האָט עס יורגים אויסגעהאַלטען. ניט קוקענדיג

אויף העפטינע קאפ־שמערצען, פלעגט ער וואקלען אבהענגדיג צו דער פאבריק, וויעדער אמאל פערנעהמען זיין פלאץ און זיך גראבען מיט דער לאפעטע אין בלענדענדען וואלקען פון שטויב. אויף אזא אופן איז ער, סוף כל סוף, געווארען אויף זיין גאנצען לעבען א מ י ס ט ־ מ א ן.



יעדע ארבייט איז וויכטיג, ווייל זי אדעלט א מענשען. לע־רען דיין זוהן עפעס א מלאכה א טהוסט דו עס ניט, הייסט עס, אז דו אליין מיט דיינע אייגענע הענד ווילסט איהם מאכען פאר א גזלן.

**תלמוד.**

# אין יאָגעניש נאָך אַ דזשאָב

## פון דזשיימס אָפּענהיים

**אַמעריקאַנער פּאָעט און נאָוועליסט, געבאָרען אין 1882.**



י יאָגעניש נאָך אַ „דזשאָב" האָט זיך אָנגעהויבען פריה פּאַרטאָג. דער יעגער איז אָבער גיך פערוואַנדעלט געוואָרען אין דעם געיאָגטען, און אַ שטוים אַהין, אַ קלאַפּ אַהער האָט איהם גיך פערטריבען אין דעם געדיכטען המון אַריין. דאָ אויפ'ן סטריט קענט איהר איהם זעהן, צווישען די גיגאַנטישע פּיינע הימעל־קראַצערס. איהר קענט בעמערקען, ווי ער דרעהט זיך איינזאַם אַרום אין דעם קאָכענדען שטראָם, און ווי דיזע צובראָכענע שיפעל פון לעבען ווערט געוואָרפען אַרויף און אַראָב אויף דעם שוימענדען אויסגוס פון מענשליכען ים.

דער עולם אַרום איהם איז פול מיט ליידענשאַפט, מיט בעגעהר נאָך אַ צוועק, נאָך אַ ציעל. יעדער איינציגער איילט זיך צו אַ בעשטימטען פּלאַץ. דער סטענאָגראַפער צו זיין שרייב־מאַשין; דער בראָקער אין זיין אָפיס, דער בוי־אַרבייטער צו זיין ריזיקאַלישע „וויגעלע" אויף די דעכער. אין דער מעכטיגער מאַשין פון שטאָדט האָט יעדער זיין פּלאַץ, יעדער איז בעוואָרענט מיט מיטלען און יעדער קריעגט זיין חלק אין דער אַלגעמיינער אַרבייט.

דער פריהמאָרגען־טומעל איז בעגאָסען מיט דעם גאָלד פון דער וואַרימער זון. די צוזאַמענגעפּרעסטע מענגען שטעהען פון ביידע זייטען פון די סטריטס, וואָס זיינען פערפּאַקט מיט לוי־

פענדע קארס און אטאמאבילס. דא און דארט פעסטע טריט, דרייסטע, זיכערע בליקען, געשעפטליכע געשפרעכען. די אלע איינצעלנע מענשען זיינען רעדלעך אין דער מאשין, אבער אונזער יונגער מאן, וואס האט זיך צוזאמענגעקארטשעט אין א ווינקעלע פון דער בעזעצטער קאר, געהערט נים צו איהר. ער פערשטעהט אז די מאשין האט איהם ארויסגעווארפען, און אז ער איז נים אימשטאנד זיך צוריק אן איהר אנצושליסען. ער פיהלט אז ער איז א פרעמדער צווישען זיין אייגען פאלק. דאס בעוואוסטזיין פון איינזאמקייט און ערנידערונג הויבט איהם אן עסען זיין הארץ. דאס גליקליכע פון זיין לעבען ווערט פאר איהם פערשוואונדען, א חשך הויבט אן שוועבען פאר זיינע אויגען און אריינ׳גנב׳ענען זיך אין זיין היים, אין זיין ליעבע, אין זיין נשמה.

מאנכע ווערען פערביטערט און ווארפען באמבעס, אנדערע זיינען זיך מיאש און מאכען א סוף צו זייער קלעגליכען לעבען; אנדערע ווידער זיינען בעשלאסען צו קעמפפען ביז׳ן לעצטען טראפען בלוט. פעטער׳ן האט געווארפען פון איין שטימונג צו דער אנדערער. אין א געוועהנליכער צייט וואלט ער געשטאנען שטאל און אייזען פאר׳ן קאמפף; אבער אין יענער שלעכטער צייט, אין יענער בייזער שעה פון קריזיס, ווען ארום איז אלעס דורכגע־נומען געווען מיט דער גרעסטער האפענונגסלאזיגקייט, האט ער געפיהלט, אז ער איז פעראורטיילט צום פאלען. בלויז א נס וואלט איהם נאך געקענט ראטעווען.

זיך שלעפענדיג אזוי איבער דער 79־טער סטריט צו דער דריטער עוועניו מיט אננא׳ס ווארימען קוש אויף זיינע ליפען און דער שטיפעריי פון זיין קינד אין געדאנקען, האט ער פלוצלונג פערלארען דעם לעצטען ביסעל מוטה ווען ער האט זיך אנגעשטויסען נעבען א אידישער שוהל אן א משונה׳דיגע גאסען־סצענקע. נעמליך, דא און דארט, ביי די טיהרען און די פענ־סטער, האבען זיך צונויפגעשטופט א מאסע ארבייטסלאזע און

אַרימע לייט. עס איז ניט געווען קאַלט, און דאָך האָבען זיי אַלע געציטערט ווי אַ בלאַט. ס׳איז געווען, בעשיינפּערליך, צו זעהן, אַז פּאַר אַ לאַנגע צייט האָבען זיי ניט געהאַט ניט קיין ברויט, ניט קיין בגד.

מיט בלויע ליפּען און בלויע פינגער, פערוואַקסען מיט האָר און שרעקליך פערברודיגט זיינען זיי געווען, און עפּעס אַ גראָה־קייט האָט זיי איינגעהילט... אַ גראָהקייט וואָס האָט דערמאָהנט אָן פערהונגערטע, צובייזערטע וועלף...

פּעטער האָט זיך אויף אַ רגע אָבגעשטעלט און געקוקט. דאָ האָט ער דערזעהען ווי אַ הויכער געזונטער מאַן האָט זיך בעוויזען אין טהיר און האָט אָנגעהויבען פאַנאַנדערטיילען שיס־לען מיט הייסען קאַפּע און שטיקער ברויט. פּעטער — אַ שטאָלצער אַמעריקאַנער אַרבייטער — האָט בשעת מעשה דער־פיהלט ווי אַ שטאָך אין הארצען, דער פּנים איז ביי איהם רויט געוואָרען, ווי פון אַ בעליידיגונג. סטייטש האָט ער גע־טראַכט: זיי שטרעקען אויס זייער האַנד און עסען ווי הינד פון רינשטאָק.

שפּעטער, אין דיזען פריה־מאָרגען, האָט ער זיך געפּרואווט אָננעהמען אַ ביסעל העזה און געהן זוכען אַרבייט אין אַן אָפיס. אין איין פּלאַץ האָט ער זיך געהאַלטען הארט און דרייסט, מיט׳ן קאָפּ ארויף. אין אַן אַנדער פּלאַטץ האָט ער זיך געהאַלטען קליין און עניוות׳דיג מיט׳ן נאָז אַראָב — ס׳האָט ניט געהאָלפען, ס׳האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס ער האָט אָנגע־הויבען בעטען, פּשוט זיך קליאַנעווען. „אום גאָטעס ווילען“, האָט ער גע׳טענה׳ט: „איך האָב אַ ווייב און קינדער“. באָסעס און אָנגעשטעלטע האָבען איהם פערשיעדענע ענטפערס געגע־בען. איינינגע האָבען מיטלייד געהאַט, אַנדערע האָבען איהם גלייך דעם רוקען געוויזען. יעדער אָבזאָג, יעדער „מען דאַרף ניט“ האָט פון איהם צוגענומען ביסלעכווייז זיין גאַנצע זעלבסט־צוטרויען.

ניט ווילענדיג, האט ער אנגעהויבען פיהלען זיין עלענדען אויסזעהן, זיינע פערשמאכטע ליפען, זיינע צובראכענע האפע־נונגען.

ס'איז פאר איהם געווארען קלאר, אז ער איז געבראכען און אז די וועלט האט איהם ניט געקענט אדער ניט געוואלט אויסנוצען. קוים וואס ער האט געקענט קוקען גלייך א מענשען אין די אויגען, קוים וואס ער האט געהאט דעם מוטה אויפצו־הויבען זיין קול. ער האט שוין בעטען מורא געקריגען. און צו וואס בעטען, אז אומעטום וועט מען איהם אויפנעמען מיט דער זעלבער גלייכגילטיגקייט? ענדליך האט ער, ווי אן אנגע־שראקענע און געשלאגענע בהמה, זיך אנגעהויבען צו רוקען מיט זייטיגע וועגעלעך א היים צו — צו זיך...



אויף דריי פערשידענע וועגען קענען מענשען דערגרייכען רייכקייט: אדער ארבייטענדיג, אדער בעטלענדיג, אדער גנב'ענ־דיג. און דעריבער האבען טאקי יענע, וואס ארבייטען שווער און עהרליך, אזוי ווענינ, ווייל צופיעל כאפען צו בעטלער און גנבים.

הענרי דזשארדזש.

# אומשטענדען

## פון ראָבערט בלאַטשפאָרד

ענגלישער פובליציסט, רעדאַקטאָר און סאָציאַליסט.



ים איינינע יאָהר צוריק האָט א בעוואוסטער שרייבער, מיט א גלענצענדער שפּראַך אָבער מיט לעכערליכע אידעען, אונז ענטדעקט, אז דער אָרימאַן בלייבט אַן אָרימאַן, מחמת ער האָט ניט דעם ריכטיגען ווילען צו ווערען א נביר. איז דאָס ריכטיג? זיינען נור די ליידאקעס, די פוילענצער די איינציגע אָרימע לייט? אָט נעהמט מיט מיר און איך וועל אייך ווייזען, ווי מענער און פרויען אַרבייטען מיט בלוט און גאַל אין פינסטערע און שטיקענדע לעכער, אַרבייטען פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, וואָך איין, וואָך אויס פאַר לאַנגע יאָהרען, און דאָך זיינען זיי אָרים, עלענד, מיט א פערדאַרטע שטיקעל ברויט און לומפּען אָנשטאַט שכירות.

איך וועל אייך ווייזען, ווי מענשען אַרבייטען 12 שעה נאָכאַנאַנד, אין שמוץ און היץ, מיט דעם אימפּעט פון א חיה. איך וועל אייך ווייזען, וואו מענשען שלאָפען אין שטאַלען ווי בהמות — ביז דער מאַרך און די מוסקולען ווערען מיעד און אויסגעאַרבייט, און אנדערע שקלאַפען פערנעהמען זייער פּלאַץ. ענדליך, צובראָכענע אין געמיטה און אין גוף, פאַלען זיי אריין אין הקדש אָדער אין תפיסה און דאָן וואַרט אויף זיי אין דרויסען דער פינסטערער סוף פון פערברעכער און לומפּ־מענש.

איך וועל אייך ווייזען, אויף אַזא אופן, ווי מענער און פרויען האָרעווען, ליידען, נעהען אויס און שטאַרבען אויס — איין דור נאָכ'ן אַנדערן. און איך וועל אייך ווייזען, אז וואָס

לענגער און שווערער דיזע טייוועלשע פראצע, אלץ ערגער ווערט זייער מזל; און איך וועל אייך ווייזען די קברים און געפינען עדות פאר דעם, ווי דאס לעבען פון העלדענמוטיגע ארימע מענ־שען איז געווען א לעבען פון ארבייט און נויט און אז זייער טוידט איז געווען דער לעצטער אקט פון א טראגעדיע.

די אורזאכע דערפון זיינען די פערברעכען פון די אויס־געפוצטע צבוע'קעס, וואס ווערען אלץ רייכער פון בע'גנב'ענען און רואינירען זייער שוואכערען ברודער.



אויב דו האסט א הכנסה, ניט האבענדיג זי עהרליך פער־דינט, האט אודאי אן אנדערער געארבייט און עהרליך פערדינט זי, ניט האבענדיג בעקומען זיין כשר'ען לוין.

מעמנאנידען.



# אַ טאָג אין אַ דעפּאַרטמענט סטאָר

## פון רעדזשינאַלד רייט קויפמאַן.

אַמעריקאַנער נאָוועליסט, געבאָרן 1877.

קעטטי פלעגט קומען אין לענאָקס דעפּאַרטמענט־סטאָר 15 מינוט צו אַכט.

צוזאַמען מיט דער געוואַלדיגער מאַסע אַנדערע אָנגעשטעלטע געהט זי אריין אין סטאָר דורך אַ טונקעלען הינטער־אריינגאַנג. גלייך געהט זי רעזשיסטרירען איהר אָנקומען אויף דער „צייט־מאַשין“, וועלכע וועט קיין ליעגען ניט זאָגען פאַר קיינע געלד אין דער וועלט. דאַן וואַרפט זי שנעל אַראָב איהר מאַנטעל און איילט זיך צו איהר „קאַנטער“. דאָ לעגט זי אויס דעם „סטאַק“, צאַצקעט אויס די סְחורה, פּוצט עס ארום, שטעלט עס אויס — און איהר אַרבּייט הויבּט זיך אָן.

זי רופט צו די קונים, חנפה'עט זיי, איבּערצייגט זיי, רעדט זיי איין — דאָס אַלץ ביז 1 בּייטאָג. דאַן קריעגט זי איהרע 45 מינוט אויפ'ן „לאָנטש“, וועלכער בּעשטעהט פון אַ גלאָז מילך און אַ „סענדוויטש“. נאָכ'ן עסען איז זי צוריק ביי'ם קאַנטער און בּלייבּט שוין דאָ אויפ'ן פּלאַץ, ווי אַן איינגעקלעפּטער זעלנער אויפ'ן וואַך ביי אַ לאַנג בּעלאַגערטער פעסטונג. 6 אין אָבענד ווערט די סטאָר געשלאָסען. אָבער אַוועקגעהן קען זי נאָך ניט: זי מוז בּלייבּען, צום ווענינגסטענס, נאָך 15 מינוט, כדי צו באַלאַנסירען איהרע רעכענונגען און צו בּריינגען אין אָרדנונג די צוואָרפענע סחורה. אַמאָל האָט זיך געמאַכט, אז זי פלעגט דאָ שטעהן ביז 7 אָבענד, אָבער אין דעם איז די פערוואַלטונג פון סטאָר ניט שולדיג געווען. מען פלעגט טאַקע די טהירען פון סטאָר פערמאַכען אין צייט און קיין נייע קונים ניט אריינ־

לאָזען, אָבער, פון דער אנדער זייט, איז געווען זעהר שווער ארויסצו׳פטר׳ן די, וועלכע זיינען שוין אריינגעקומען אין סטאָר פון פריהער.

די מעכאנישע „צייט־מאשין" און א צעהנדליג אנדערע העסליכע לעבעדיגע מאשינען אויף 2 פיס נעהמען פון איהר קיין אויג ניט אראָב, און פערצייכנען יעדען איהרען שריט און טריט. יעדע בעוועגונג וואָס איז ניט ערלויבט דורך די רעגלען פון דער פירמע, ווערט גלייך פון „פלאָר־וואָקער" פער׳מסור׳ט דעם אויפזעהער פון איהר אָבטיילונג. אונטער דער שטענדיגער וואך פיהלט זי דאָס זעלבע, וואָס ס׳לעבט איבער אן ארעס־טאנט אין תפיסה אונטער דער שטענדיגער בעאָבאכטונג פון זיין שומר.

אויב קעטטי פערשפעטיגט זיך, בעשטראָפט מען איהר גלייך תיכף ומיד. מען ניט איהר א גאָב, אויב, א דאנק דער נאכלעסיגקייט פון די קונים איז די סחורה צוואוואָרפען אויפ׳ן קאנטער. מען בעשטראָפט איהר פאר דער מינדעסטער עבירה, פאר׳ן קלענסטען פעהלער אין פרייז אָדער חשבון. און אז זי בעט ביים „פלאָר־וואָקער" עטליכע מינוט אויף צו פערקאמען די צושויבערטע האָר אָדער אויף צו וואשען די הענד, אויסגע־שמירטע פון דער ארבייט, ווערט זי שטרענג בעשטראָפט, ווען חס ושלום זי פערשפעטיגט זיך אויף א פּאָר סעקונדען...

קיין פלאַץ צום זיצען איז ניטאָ, און קעטטי, ווי זי זאָל זיך ניט פיהלען, מוז זיך נעביך האלטען אויף די פיס דעם גאנצען טאָג. סיידען זי האָט נעקענט בעטען א טובה ביי א חבר אָדער א חבר׳טע איהר צו פערבייטען.

ס׳איז דאָ א פלאַץ אין סטאָר, וואו מען קען זיך כלומרשט אָברוהען — אין א פייכטליכען, שלעכט בעלויכטענעם צימער אין קעלער פון סטאָר. אָבער אויף דער פיאנאָ, וואָס דאָרט איז געשטאנען, האָט קיינער ניט געהאט קיין צייט צו שפּיעלען, די זשורנאלען וואָס זיינען דאָרט געווען האָט קיינער ניט געהאט

קיין צייט צו לעזען, אויף די שטוהלען דאַרטען האָט קיינער ניט געהאַט קיין צייט צו זיצען.

דערפאַר אָבער דאַרף מען אויסשטעהען די קאַפּריזען און די געמיינהייטען פון די פּרויען, וועלכע ווייסען זעהר שלעכט אָדער צו גוט וואָס זיי האָבען געהאַט בדעה צו קויפען. דער־פאַר דאַרף מען שטילען דעם גרימצאָרן פון די אויפזעהער, וועל־כע קאָכען זיך מעשה נאַטשאַלניק, פאַרוואָס לייט שפּאַצירען סתם אַרום איבערן סטאָר, פאַרוואָס זיי קויפען ניט דאָס, וואָס איז אַזוי פּיעל רעקלאַמירט. און צו דעם אַלעמען דאַרף מען שמייכלען צו דיעזע משגיחים אין הויכע קראַגענס, כדי אַרויס־צוגעהן „גאַנץ מיט די ביינער" און כדי ניט צו פערלירען דעם פּלאַץ.

מען דאַרף נאָך דערצו האַלטען אַן אויג אויף די שפּיאָנען פון דער סטאָר, אויך פערריידען די צייהן די פערדעכטיגע קונים, וועלכע זיינען איינענטליך אויסקוקער פון אַנדערע דע־פּאַרטמענט סטאָרס.

ווייטער מוז מען זיך היטען פון גנבים פון איין זייט און דעטעקטיוום פון דער אַנדער זייט.

„אָבער דאָס איז גאָר ניט", האָט געטענה'ט קאַרא קאַס־טיגאַן, וואָס האָט פריהער פערנומען קעטטי'ס פּלאַץ : „דאָס איז נאָך גאָרניט אין פערגלייך מיט דעם, וואָס דאָ טהוט זיך אָב אַן ערב יום־טוב". „בעסער שטאַרבען, איידער אַרבייטען אין דעם שפּיעלצייג־דעפּאַרטמענט, אין דעצעמבער, למשל. איך וויים ניט אויב די עוף'לעך פּיהלען, ווי מיר פערהאַסען די צאַצקעס, וואָס מיר פערקויפען פאַר זיי. און איך וואָלט זיך בעסער ווינשען דעם טויט, איידער אַרבייטען אין דעם דעפּאַרט־מענט פון בוך־האַנדלונג. מיינע אַ פריינדין האָט געאַרבייט ביי די ביכער אין מאַלקאַרפּ דעפּאַרטמענט־סטאָר. ערב יום־טוב, דעם 25טען דעצעמבער, האָט זיך איהר אַרבייט פערצויגען ביז 2 אין דער נאַכט, און געוואָוינט האָט זי ווייט, פערשטעהט זיך

אז זי האט פערשלאפען דעם 26־מען, און דערפאר האט מען איהר ארונטערגעריסען פאר א האלבע וואך שכירות".

צום שלום האט קארא קאסטיגאן געראטען איהר נאכפאל־גער, אז זי זאל זיך ניט לאזען אריבערפיהרען אין דעם אוים־טויש־דעפארטמענט.

„דער עולם וואס געהט דארט דורך", האט זי צארניג בע־מערקט, „דארף זיצען אין דול־הויז אדער אין טורמע".

„גאט צו דאנקען! מעהר האט איהר דא מיך ניט", — האט זי פערענדיגט: „איך געה חתונה האבען!"...



א מענש איז גליקליך נור דאמאלס, ווען ער קען זיך זאגען, אז ער האט ערפילט זיין אייגענע ארבייט, ארייגעלעגט נשמה אין איהר און דערפיהרט איהר ביז'ן סוף, לויט זיינע קרעפטען און מעגליכקייטען. איז דאס אבער ניט אזוי, וועט א מענש, האבענדיג פערענדיגט זיין ארבייט, ניט פיהלען קיין שום דער־לייכטערונג און ניט קיין פרייד.

**עמערסאן.**



# דער ארבייטער

## פון מ. ראָזענפעלד.

גענבאָרען אין 1862, אין אַ דאָרף פון סובאַלקער גוב. האָט אָבגע־
דרוקט זיין ערשטע ליעד אין 1886, דעם יאָהר וואָס ער איז
אָנגעקומען אין אַמעריקע.

דער פּנים פער׳חשך׳ט,
די גלידער פערשוואַכט,
דאָס הארץ איז צובראָכען,
די ליפּען פערשמאַכט,
אין שטענדיגער ארבייט, אין יאָך,
דער רוקען געבויגען,
פערבלענדעט די אויגען,
קיין יום־טוב, קיין שבת — אַ בראָך!

די קינדער פעראומערט,
פעראומערט דאָס ווייב,
קיין קליידלעך, קיין שיכלעך,
קיין העמד אויפ׳ן לייב.
אין צרות מיט לומפּען געהילט
סיי ווינטער, סיי זומער,
אין עלענד, אין קומער,
מיט שרעקליכער נויט איבערפילט.



דער אייזען גיסער. מעניע

# מאָדערנע שקלאַפעריי

## פון מאַקס נאָרדוי.

געבאָרען אין 1849. אָריגינעלער דענקער און גלענצענדער סטיליסט. איז ער געשטאַנען צוזאַמען מיט הערצל'ען אָן דער שפּיץ פון פּאָליטישען ציוניזמוס.



[ד]ער מאָדערנער טאָג־ארבייטער איז עלענדער ווי דער קנעכט פון די אמאָליגע צייטען. אמת, ס'איז ניט דאָ איצט קיין אייגענטהימער אויף זיין גוף, אָבער דערפאַר איז אויך ניט דאָ קיין בעל־הבית וואָס זאָל זאָרגען פאר זיין מאָגען. אויב ער איז פרייער פאר'ן שקלאף פון לייב־אייגענטום, איז עס, הויפטזעכליך, די פרייהייט צו שטארבען פון הונגער.

אין דיעזען הינזיכט איז אויך דער היינטיגער פרייער בע־צאָהלטער ארבייטער וייט פון דעם פערשטויסענעם בערויבטען פויער און אָרימען זעלבסטשטענדיגען האנד־ווערקער פון מיטעל־אַלטער, ווייל איהם פעהלט די לעבענסלוסטיגע אונאבהענגיג־קייט פון דיעזע עלעמענטען, וועלכע פלעגען אָנפילען די רייהען פון די געדונגענע זעלנער און די רויבער־באנדעס.

זעלטען, ווען דער מאָדערנער ארבייטער רעוואָלטירט און שטעלט זיך געגען דער געזעלשאפטליכער אָרדנונג. און צו נעה־מען מיט געוואַלד אָדער פעררעאַטה דאָס, פון וואָס די עקזיסטי־רענדע אומשטענדען האָבען איהם בערויבט, האָט ער ניט די מיטלען, ניט די געלעגענהייט.

אויף אזא אופן איז היינט דער גביר רייכער און דער אָרי־מאן אָרימער, ווי ווען ניט איז פריהער זינט די געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבען.

# אויף אַ פּוילע וואָך

פון ה. ראָזענבלאַט.

געבאָרען אין 1878, אין אַ דאָרף פון פּאָדאָליער גוב. האָט עמיג־
רירט נאָך אַמעריקע אין 1891. האָט אָבגעדרוקט זיין ערשטע
ליעד אין 1900. דיכטער און איבערזעצער.

ווידער ארבייט, ווידער שאפען,
ווידער דרעהען די מאשין,
ווידער קנעכטען, ווידער שקלאפען,
ווידער ארבייט אָהן אַ זין.

ווארף זיך גיכער, דרעה די רעדער,
די מאשין איז גוט געאוילט,
ארבייט, ארבייט נור כסדר,
ניט געשטאנען, ניט געפוילט.

האסט דו נאָך אַ גאנצען אבר?
האסטו נאָך אַ טראפען בלוט?
ארבייט, ארבייט ביז׳ן קבר!
ניט געשטאנען, ניט גערוהט.

קענסט דו נאָך אַ האנד אויפהויבען?
קענסט נאָך פלאנטערען מיט די פיס?
ארבייט, ארבייט איז דיין לעבען —
ארבייט מאכט דאס לעבען זיס.

# ערב יום כפור

פון ד. פינסקי.

געבארען אין מאהילעוו ארום 1873. האט אנגעהויבען שרייבען ארום 1892. האט עמיגרירט נאך אמעריקע אין 1899.. בעלעטריסט און דראמאטורג.



רב יום כפור, ארום האלבען טאג.

ר׳ אליה, דער טוך־פאבריקאנט, גרייט זיך עהרליך פאנאנדערצאהלען זיך מיט זיינע ארבייטער, לכבוד יום כפור. ער וויל זיך אפילו פריינדליך צוזעגענען מיט זיי. אויפ׳ן גרויסען שרייבטיש שטעהט א גרויסע פלאש בראנפען, עטליכע גלעזלעך, עס ליגט אנגעשניטענער לעקעך. ער וויל זיי ווינשען, זיי זאלען ניט דארפען אנקומען צו פרעמדע הענד.

ר׳ אליה וויל קומען א ריינער צום מארגענדיגען משפט. ר׳ אליה איז א פרומער איד — גאר אהן ספק. ער ווייס, אז די ארבייטער האבען איהם שוין ניט איינמאל פארקלאגט ביי׳ם מלך עליון, וויל ער זיך מיט זיי אבטענה׳ן, ער ווייזט זיך אויף, אז ער איז שטענדיג גערעכט געווען: די ארבייטער זיינען פשוטע גנבים! זומער האבען זיי פלוצלונג געמאכט איין האנד און אויפגעהערט צו ארבייטען א גאנצען חודש. א רציחה!

שטרייק־שמייק! — טראכט ר׳ אליה, — גניבה, גזילה, פון מויל דעם ביסען! ער האט געוואלט ארויסנעמען א האלב רובעל פון שטיק, אבער ער האט דאס געמוזט טהאן צוליעב קאנקורענץ, דאס איז אפילו ניט קיין שטארקע טענה. דערצו האט ער נישט פינקטליך געצאהלט, אריינגעדרעהט, צוגעשטעלט, פערשריבען גוטע סחורה פאר שלעכטע און גארנישט געצאהלט... נור ער האט געמוזט: די גאנצע וועלט טהוט אזוי.

און גלאט זיינען די יונגע ארבייטער, טראכט זיך ר׳ אליה,

ניט ווערט, וואס די ערד טראגט זיי. גוים, אמת'ע גוים, עזות פנים'ער — פון גאנצען אויסגעטהאן.

ר' אליה זעהט דורכ'ן פענסטער פון קאנטאר, ווי אין גאס הויבען זיך שוין אן צו קלייבען די ארבייטער. אט פערגלייסט געציל לץ, א בחור פון א יאהר דריי און צוואנציג, די אויגען און גיט א ווארף מיט די הענד, ווי ר' אליה, ווען ער זידעלט אן ארבייטער. די יונגע ארבייטער ארום געצלען צולאכען זיך.

ר' אליה קעהרט אב די אויגען פון פענסטער ברוגז'דיג.

— וועט שוין זיין אמאל א סוף? — ווענדט ער זיך אונ־געדולדיג צום בוכהאלטער און קאסיר, וואס מאכען די רעכ־נונגען, ער וויל שוין מעהר אין פענסטער ניט קוקען. גארניש־טען! אומגערן ווארפט ער אבער א בליק אויף דער גאס: גע־ציל שטעהט אין דער פאזע, ווי ר' אליה, ווען ער וויל איינ־שמועסען איין ארבייטער, אז ער האט ביי איהם אנגענומען מעהר געלד.

— וואס ציהט זיך עס דארט ביי אייך, ווי פון פעך? — שרייט אויס ר' אליה צום בוכהאלטער און קאסיר.

— ער וועט שוין ביי מיר ניט ארבייטען, — טראכט ער וועגען דעם לץ. — אויסוואורפען זיינען דאס, אין גם אחד צווי־שען זיי; איהם פאלט נאך איין, אז די לייטלעך האבען גאר קיין ווערט נישט ביי דעם אויבערשטען. ער האט גאר לחלוטין נישט וואס מורא צו האבען פאר זייערע טענות.

ער נעהמט זיך צום תהלים: יעצט וועט ער זיך גאר אין גאנצען איינקויפען ביים רבונו של עולם...

## 2.

א מאן זעכציג ארבייטער שטעהען אין הויף און אין גאס נעבען טויער, אלע אנגעטהאן יום־טוב'דיג, אין ריינע העמדער און שבת'דיגע בגדים. נור די אינגלעך, וועלכע דרעהען זיך צווישען זיי ארום, זיינען אבגעריסען און כמעט אלע בארפוס.

מען שטעהט רעדעלווייז; די געשפרעכען קלעבען זיך
עפעס נישט. די אינגלעך הויבען אָן צו שפּילען אין „כאפּ־מיך“,
נור ברוך דער אַלטער שרייט אויף זיי אָן. אין א ווײלע ארום
שלאָגען זיי זיך פאר א קנעפּעל.

אָרום נעצעל ליט איז נאָך אביסעל פרעהליך. ער זיצט
אויף א טומבע נעבען טראָטואר, הויבט שטיינער פון דער ערד
און ציעלט אין די פויגעל, וועלכע שפּרינגען ארום אינמיטען
גאס אָדער אין די פארבייגעהענדיגע מיידלעך. ער טהוט עס
לאנגזאם, אָהן חשק. ער איז יעצט גלאט אין כעס אויף ר׳
אליה׳ן.

די בחורים ארום נעצלען האָבען פערגניגען. די עלטערע
מורמלען: ביי איהם זיינען אלע צייטען גלייך, דער יונגער
עולם קוקט נעצלען אין מויל אריין, וואָס וועט ער ענטפערען.
ער האָט שיעור נישט געזאָגט, אז א מיידעל געפעלט איהם שטענ־
דיג, ער האָט זיך אָבער נעפוילט.

— ווערסט מאָרגען קומען צו מיר אָבפאסטען? — פרעגט
ער פּלוצלונג א פארבייגעהענדיגע דינסט.

— וואָס זאָגסטו צו זיין קאָפּ! — ענטפערט אָב דאָס מיי־
דעל און געהט פארביי, זי קוקט זיך דאָך אין איהם איין, צי
וואָלט עס איהר געלוינט.

— מעגסט זיך טאקי בעגראָבען לעבעדיגערהייט, פּראָס־
טער גוי דו! — צובעזוערט זיך דער אַלטער ברוך, — ערב יום
כפור, נישט ערב יום כפור — נישטאָ קיין חילוק.

— ר׳ אליה׳ס זכות וועט מיר בייזשטעהן, — ענטפערט
נעצעל פויל. — ער וועט זיין פאר מיר א גוטער בעטער.

— אין גיכע צייטען נור, — כאפּט אונטער א בחור —
פאר מיר און כל ישראל...

— ונאמר אמן! — זינגט אויס נאָך א בחור.

— שארלאטאנען! — רעדען צווישען זיך די אַלטע אר־
בייטער.

— ערב יום כפּור, נישט ערב יום כפּור — גאָר נישט! — מורמעלט ברוך.

— אָבער וואָס דויערט עס דאָרטען אזוי? — פרעגט מיט אונגעדולד שוין אַן עלטערער אַרבייטער.

— ער צעהלט זיינע עבירות, — ענטפערט דער ליז געלאַסען. אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער צו:

— ער מוז גאָר אָנגרייטען פאַר אונז אַ דרשה, ווי פאַר אַ יאָהרען, נו, קינדערלעך, האָט אייך אַ שימע טויבע, — הויבט ער אָן מיט ר' אליה'ס קול. — דער אויבערשטער זאָל אייך צו־ברעכען די קעפּ, איך מיין די הערצער, און איהר זאָלט האָבען אַ גרינגען תענית, כל זמן איהר וועט לעבען.

דאָס יונגוואַרג צולעגט זיך פאַר געלעכטער, די אַלטע וואַר־פען קרומע בליקען.

— ערב יום כפּור, נישט ערב יום כפּור — ביסט דו אַ גוי, טאָ שמד זיך צו אלדי רוחות! — זידעלט זיך ברוך.

— אין קאַנטאָר! — דערהערען זיך קולות פון דער הויף, די אַרבייטער ריהרען זיך.

— קומט אָנקוקען דעם כשר'ן פּרצוף, — זאָגט געציל אויפ־שטעהענדיג פון'ם אָרט.

## .3

ר' אליה זיצט ביי'ם טיש און קוקט אריין אין חשבון; דאָס גאַנצע געלד ליגט פאַר איהם, היינט וויל ער בעצאָהלען מיט דער אייגענער האַנד, עס דוכט זיך איהם, אז דאָס איז אַ מצוה. ער וועט זיך בעגעהן מיט די אַרבייטער וואָס ווייכער. איהם ווערט וואַרים אין גאַנצען קערפּער — עס דוכט זיך איהם, אז ער ווערט אַלץ בעסער און בעסער.

די אַלטע מיט די אינגלעך שטעהען פאָרויס, די יונגע לייט — פון הינטען, געציל איז ערענסט, אָבער זיינע אויגען קוקען איראָניש אויפ'ן בעל־הבית. ער ווייס עפּעס נישט, וואָס פאַר אַ שטאָכוואָרט ער זאָל זאָגען. דאָס יונגוואַרג קוקט געצילען אריין אין די אויגען.

— נו, קינדערלעך, — ווענדט זיך ר׳ אליה פריינדליך צו די ארבייטער. — מיר ווילען זיך פאנאנדערצאהלען און צוזע־גענען. איהר דארפט דאך מסתמא האבען דאס געלד.

— נאך ווי, — ענטפערט עמעץ.

— אודאי, אודאי ! — זאגט ר׳ אליה גאר ווייך — מיר ווילען דערפאר קיין שיהות נישט מאכען, נו, ברוך !

פונ׳ם עולם טיילט זיך אב ברוך און געהט צו צום טיש.

— יעמוד ר׳ ברוך ! — זינגט אוים געצעל.

די ארומיגע פערדעקען די מיילער און קוקען אויף דער ערד.

ברוך בעקומט זיין געלד, בעהאלט עס און וויל אוועקגעהן.

— האט אייך א חתימ... — הויבט ער אן.

— ווארט, וואס אנטלויפסט דו ? — האלט איהם אב ר׳ אליה. — מיר ווילען אונז פריהער פאנאנדערצאהלען מיט אלע־מען, דערנאך ווילען מיר צוזעגענען זיך ווי געהעריג, מיר ווילען נעמען אביסעל משקה, וואס אנטלויפסט דו ? עוזר ! — רופט ער אוים א צווייטען אלטען ארבייטער. — מיר זיינען דאך עפעס אידען, היינט איז ערב יום כפור, — רעדט ער ווי פאר זיך, ארייננקוקענדיג אין חשבון.

— גרייט אן דרשה־געשאנק ! — מאכט געצעל .

ר׳ אליהווארפט א בליק אויף געצעל׳ס זייט. ער קען נישט ליידען די גאנצע חברה, וואס שטעהט דארטען. ער וויל אבער יעצט אויף קיינעם קיין שנאה נים טראגען. עס דוכט זיך איהם, אז דער מלך עליון זעהט אלץ, וואס עס טהוט זיך ביי איהם אין הארצען, און ער ווערט אלץ פרעהליכער און בעסער.

— כ׳האב געוואלט בעטען, איהר זאלט מיר געבען עפעס מעהר געלד, — זאגט עוזר מיט א געבעט.

— מעהר געלד איז היינט נישטא, — האט ר׳ אליה ווייך נור אונגערן ארויסגערעדט. ער כאפט זיך באלד, אז מען האט נישט געדארפט אבזאגען, נור איהם פאלט איין, אז נאך יום־

טוב וועט ער עוזר'ן נישט האלטען מעהר. און גלאט ער זאל געבען עוזר'ן, דארף ער שוין אלעמען געבען, ווארום אלע ווע־לען בעטען, זיי דארף מען נור בעווייזען א דרך.

— שמעון ! — רופט ער אוים.

— איהר וואלט מיר געטהאן א גרויסע טובה... איך דארף אזוי נויטינ ! — רעדט עוזר זיינס.

און ר' אליה וויצעלט זיך גוטהערציג :

— איך דארף אויך, שמואל דארף, זאג, שמואל, דו דארפסט אויך ?

— א, נאך ווי איך דארף ! — ענטפערט יענער. — איך האב מאקי אייך געוואלט בעטען...

— זעהסט, הא ? — ווענדט זיך ר' אליה צו עוזר'ן. — שמחה ! — רופט ער אוים א פערטען. ער וויל שוין פערגעסען דעם גאנצען ענין פון עוזר'ס בקשה.

— אבער איך מוז ! — שטעהט צו עוזר. — איך האב מיך אבגעבעטען ביי ביינוש דעם וואכערניק ביז היינט.

— ביסט א קינד און גאר, — זאגט ר' אליה ווייך. — אפרים ! רופט ער אוים — ביסט א קינד, זאגט ער ווייטער צו עוזר'ן אזוי זיס, אזוי הארציג. — איך זאל דיר געבען, דארף איך געבען ברוך'ן, שמואל'ן, אפרים'ן — אלעמען דארף איך געבען. איך וויים דען נישט, אז אלע דארפען. ביי דיר, אפרים, איז, דוכט זיך, א מאכטער קראנק ? וואס מאכט זי ? — פרעגט ער דעם ארבייטער מיט רחמנות.

— וואס זאל זי מאכען ? ליגט ! איך וואלט געהאט געלד... — זאגט אפרים אהן חשק, א פערצווייפעלטער.

עוזר'ס געזיכט איז פערקרימט פון הארצוועהטאג. ער קוקט זיך אום ; אפילו ברוך איז יעצט אין כעס.

— געפונען דעם געבער, — זאגט שטיל ברוך.

— גלייך ער וואלט איהם ניט געקענט, — מורמעלט שמחה.

— ע, כע, כע ! — זיפצט אב אפרים.

— ערב יום־כפור, נישט ערב יום־כפור, — ברומט אונטער נעצעל אין ברוך׳ס טאן.

עוזר זיפצט אָב און רוקט זיך ארויס פון קאנטאָר.

— ערב יום כפור, ר׳ עוזר! — שיקט איהם נאָך אַ יונגער ארבייטער.

— ע־ע־עך! — מאכט עוזר מיט דער האנד און געהט אוועק.

ר׳ אליה פיהלט, אז די ארבייטער פער׳מסר׳ען איהם ווייטער פאר׳ן מלך עליון. דאָס איז אַ חברה, טראכט ער, אויסרופענדיג איינעם נאָכ׳ן אנדערען. זיי האָבען דען ליעב ארייצוגעהן אין דעם בעל־הבית׳ס לאגע? גיב און גאָר! מעהר ווייסען זיי נישט. עס פערדריסט איהם אפילו, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבען מיט עוזר׳ן, נור בדיעבד, אז עס האָט זיך שוין אזוי געמאכט — — ע!

— געצעל! — רופט ער אויס ווייך, ווילענדיג זיין פריינדליך אפילו מיט זיין גרעסטען שונא.

— איך בין דאָ! — שרייט דער ליז.

— מאָרגען איז יום־כפור, געצעל! — מוסר׳ט ר׳ אליה.

— געצעל, מאָרגען — יום־כפור.

— אָ, איך וויים! — קרעכצט אָב געצעל.

— ביסט אַ שייגעץ, געצעל, אַ גרויסער שייגעץ.

— אַ שלעכטע וועלט, ר׳ אליה, ניטאָ זיך פון וועמען גוטס אָבלערנען, ר׳ אליה.

— ביסט אַ שייגעץ, — זאָגט ר׳ אליה מיט אַ האלבען מויל און רופט אויס איין אנדער יונגען ארבייטער.

געצעל איז נישט צופרידען, ער האָט צו ווענעג און שלעכט אָבגעענטפערט, געדאַרפט איהם עפּעס ארייזאָגען אזוינס, עס זאָל איהם פערכאַפּען ביי דער נשמה.

אַ שווייגענדיגער פערלאָזט געצעל די קאנטאָר, שווייגענדיג געהען אוועק די יונגע לייט, אָבגעהמענדיג זייער געלד. ר׳ אליה׳ן שטעכט, וואָס זיי געהען אוועק, נור ער שטעלט זיי נישט אָב, ער

ווייס, אַז אומזיסט וועט זיין די טרחה. ערב יום־כפּור מאַכט אויך נישט וויך זייערע הערצער, רשעים! און ער ווערט אַלץ ווייכער און ווייכער צו די איבעריגע. די קינדער גיט ער אפילו צושטייער אויף מחזורים — — ער בעקוקט מיט נצחון אַלע אַר־בייטער, און ברוך׳ן דוכט זיך, אַז ר׳ אליה האָט פּאַרט אַ אַי־דיש האַרץ.

דאָס פאַנאַנדערצאָהלען זיך איז געענדיגט, ר׳ אליהו שטעהט אויף פונ׳ם שטוהל מיט אַ זעהר פריינדליכער מינע.

— נו, ברידערלעך, זאָגט ער לעבעדיג, יעצט וועלען מיר אונז צוזעגענען ווי עס דאַרף צו זיין, מאַכען לחיים, פערבייסען.

ער זויבט אָן אָנגיסען צו גלעזלעך, ברוך, שמערעל, אפרים און שמחה זיינען פון די ערשטע.

— לחיים, ר׳ אליה, — ווינשען זיי. — דער אויבערשטער זאָל אייך געבען אַ חתימה טובה.

— און גם אתם! — ענטפערט ר׳ אליה פרום און פריינד־ליך. — נאָט לעקעך, געהט געזונדערהייט אהיים, האָט אַ גרינ־גען תענית, און בעט עפּעס אויס, ברידערלעך, אַ גוט יאָהר, גוטע געשעפטען. געה, בערקע, נעהם אביסעל בראָנפען... דאָס נייע יאָהר זאָל זיין בעסער, ווי דאָס אַלטע... וואָס טרינקסט דו נישט אויס אין גאַנצען, שלים־מזל׳ניק דו! נאַ, אַ שטיקעל לעקעך... מען טאָר נישט זינדיגען, אַ מענש דאַרף דאַנקען גאָט פאַר יעדען טאָג, וואָס ער לעבט איבער.

— ברוך ה׳ יום יום, — זאָגט אונטער ברוך מיט אַ זיפץ.

— אודאי אַזוי, נור דאָך מעג דאָס נייע יאָהר זיין אַ ביסעל בעסער... געהט, קינדער, נעהמט צו ביסלעך בראָנפען... נו און איך בין אייך אַלץ מוחל, אַלץ. איהר זייט זיך אפילו נים אָרענטליך בעגאַנגען מיט מיר, נור גאָרנישט...

— איהר אויף אונז דאַרפט אודאי נישט ברוגז זיין, — האַלט זיך אפרים נישט איין.

— ניין, איהר האָט זיך זעהר נישט פיין בעגאַנגען, — שטעהט ר׳ אליה אויף זיינס. — דער סטרייק... ע... וואָס אַרט

אייך! דאס הייסט מיט גוואלד ארויסגעריסען ביי מיר, נור גאר נישט. מוחל, אלץ מוחל. עס געהט א יום־כפור, לאמיר בלייבען גוטע פריינד.

נור די אלטע ארבייטער פיהלען זיך בעליידיגט.

ער איז נאך גערעכט.

און ברוך דערפיהלט, אז ר׳ אליה האט נישט אין זיך קיין טראפען אידיש בלוט.

ברוגז׳דיגע הויבען זיי אן צו פערלאזען די קאנטאר.

— געהט געזונטערהייט, — רעדט זיי נאך ר׳ אליה און פיהלט, אז דער אבגרונד צווישען איהם און זיי איז נאך גרעסער געווארען. — איך זאג אייך, איהר מעגט בעטען פאר מיר, זאל מיר נור גאט אזוי העלפען, ווי איך וואלט אייך וועלען גוט צאה־לען. — און איהר, חברה, ווענדט ער זיך צו די קליינע, — זאלט קויפען מחזורים, הערט איהר!

— גזלנים, אלע גזלנים, — בעשליסט ר׳ אליה, בלייבענדיג אליין אין קאנטאר און קרעכצט פרום אב:

א־א־אך!

ע־ע־ך! — קרעכצען די אלטע ארבייטער אויף דער גאס.



# די מעשה פון צוויי ברידער

פון י. ל. פּרץ.

(1915—1857)

דער גרויסער אידישער קינסטלער.

אויף יענער זייט ים איז געשטאַנען אמאָל
אויף הינערשע פיסלעך א הייזעל אין טאָל.
געשטאַנען זיך שטיל, אָהן עזות, אָהן שטאָלץ,
אָהן פּוצעכץ, אָהן צירונג, — פון ליים און פון האָלץ!
א פענסטער א קליינינטשקעס, נור חנו׳דיג האָלד;
די זון, זי בעשיט עס טאָג־טעגליך מיט גאָלד.
לבנה און שטערן
פערקוקען זיך גערן,
בעמאָלען מיט זילבער די שויבען.

דאָס האָט דער הימעל די ליעבע בעלוינט:
עס האָבען אין הייזעל צוויי ברידער געוואוינט.
עס זיינען צוויי הערצער זיך ליעבליך געטריי.
שווער איז די ארבייט, נור ס׳לעבט זיך גאָר פריי;
ווייס איז דאָס מעבעל, מיט קלייען — דאָס ברויט,
נור אַלץ איז בשותפות — די פרייד און די נויט!
גוט האָט זיך געלעבט,
די צייט האָט געוועבט
איהר שטילען, איהר כשר׳ען פאָדעם.

נור איינמאָל בעווייזט זיך א גאסט אויף דער שוועל,
פול גינגאָלד, שמאראגדען, עס פונקעלט זיין פעל!
די שלאנג איז געקומען אין גלאנץ און אין פראכט.
דער עלטערער ברודער דערזעהט זי און טראכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך עשירות פארהאן!
ווען איך האָב א שמאראגד, איך אָרימער מאן.
כ׳פערקויף איהם, וואָס ניט?
כ׳וואָלט אויפ׳ן יריד
געקויפט מיר צוּם מעלקען א קוה!

די שלאנגען — זיי וויסען, וואָס ס׳טראכט זיך ביי לייט —
זי ווינקט איהם און רופט איהם אוועק אָן א זייט,
און זאָגט איהם: אי, ברודער, וואָלסט דו נאָר געוואָלט,
וואָלסט דו געהאט שוין פול הייזער מיט גאָלד,
קרעלען, דיאמאנטען, בריליאנטען א וועלט
און אלץ, וואָס מען קען נור בעקומען פאר געלד.
איך מאך נישט קיין שפּאָט,
איך וויים גוט דעם סוד,
איך וועל דיר איהם זאָגען אין וואלד.

די שלאנג איז אוועק, און דער אינגערער קלערט:
ווי גאָט האָט זיך יעדען זיין שעהנקייט בעשערט!
געה פרעג איהם: דער גלאנץ און די שעהנקייט וואָס טויג?
ביים עלטערען פלאמט שוין די תאוה אין אויג:
קרעלען, דיאמאנטען, בריליאנטען — אך, גאָט!
זי זאָל נור נישט נארען און זאָגען דעם סוד!
ער קוקט אינ׳ם וואלד
און גנב׳עט זיך באלד
פון ברודער ארויס צו דער שלאנג.

די זון געהט שוין אונטער, פערגאָלדט נאָך דעם זוים
פון וואָלקען אין הימעל — און אונטער א בוים
זיצען שויןביידע — דער מענש און די שלאַנג;
זיי זיצען צוזאמען און שמועסען שוין לאַנג.
ער ציטערט און ווייסט נישט פון פרייד צי פון שרעק?
זי וויקעלט דאָס האַרץ איהם אַרום מיט'ן עק
און רעדט פון דיאַמאַנטען,
קרעלען, ברילליאַנטען,
אַלץ וועט ער האָבען גאָר גרינג!

בעטראַכט נור דיין ברודער, דאָס איז דאָך א קוואַל
פון קרעלען, ברילליאַנטען, דיאמאַנטען, אָפּאַל!
עס טרעפט זיך: ער ארבייט און וואונדערליך הייס
ווערט איהם, דער שטערען בעדעקט זיך מיט שווייס,
עס טריפען די טראָפּען... ער ווישט מיט דער האַנד...
לאָז נים! דער טראָפּען דאָס איז דיאמאַנט!
נור ארבייטען הייס,
קלייב אויף דעם שווייס!
שיטסטו אָן הייזער דיאמאַנטען!

עס טרעפט און איהם פאַלט פון די ברעמען א טרעהר;
דו, נאַרעל, דו מיינסט, עס איז וואַסער, נישט מעהר
און טרייסט איהם, און האַלזט איהם, דו האַלסט עס נישט אויס,
און קושסט איהם די טרעהרען פון אויגען ארויס, —
פערשווענדעסט דיין פערמעגען, דו נאַרישער קאָפּ,
לאָז וויינען איהם שטאַרקער און קלייב יעדען טראָפּ!
א טראָפּ, האָב פערשטאַנד,
דאָס איז א ברילליאַנט,
רייך וועסטו זיין, ווי א קעניג!

דערנאָך האָט דיין ברודער איין ערעלע פעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדעל — דו האָסט שוין אַ קרעל:
בלאַט — זאָגסט דו — איז דאָס, בלוט — זאָגסט דו — אַ קאַפּ.
דו נאַר! עס איז גינגאָלד, דו צאַפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל ער נור בלוטען און בלוטען נישט קאַרג,
אָנשיטען וועסטו שוין אוצרות אַ באַרג!

דו זיי ניט קיין נאַר,
דו ווער נאָר דער האַר,
ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד.

די ליפּען פערביסען, די פויסטען געבאַלט,
געהט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד,
די אויגען, זיי ברענען און זוימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּעלט די ליעבע צום ברודער אין האַרץ.
ער טרייסט זיך: איך וועל דאָך נור מאַכען אַ פּרואוו,
אַ שטאָך וועל איך געבען, אַ קליינעם, ניט טיעף.

מיין ברודער? איך ווייס!
נור טרעהרען און שווייס
זיינען דאָך, הערסטו, בריליאַנטען!

עס הערט די לבנה נאָך די אייגענע נאַכט,
ווי מ'האָט אין'ם שטיבעל געוויינט און געלאַכט.
אַט קוקען די שטערען אין פענסטער אריין:
ווי לאַכט עס אַ ברודער פון'ם ברודער'ס געוויין?
די זון האָט צומאָרגענס געוואונדערט זיך שטאַרק,
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטען אין קאַרק?

פערוואונדערט איז אויך
דער וואַלד און דאָס טייך:
וואָס איז דאָ אין שטיבעל געשעהן?

און עס איז געקומען אויף ביידע גאָט'ס שטראָף.
דאָס גליק איז פערשוואונדען, עס ווייכט זיי דער שלאָף,
ניטאָ מעהר די ליעבע, דער פריעדען אַוועק:
דער שלאָפט ניט פאַר וועהטאָג, דער צווייטער — פאַר שרעק,
דער שרייט: ס'איז מיין עשרות, מיין רייכטום, מיין גוט,
און יענער: ס'איז טרעהרען, מיין שוויים און מיין בלוט!

דער וואָלף און דאָס לאַם!
אויף יענער זייט ים
פליסט שוין אונשולדיגעס בלוט.



# דאָס בעקער - אינגעל

פון א. רייזען.



עגעגענט האָב איך דאָס אינגעלע אין אַ שפּייז־געוועלב האַלב צעהן אַ זייגער אבענד, זומער־צייט, געזעסען איז ער ביי דער טיר פונ'ם געוועלב אויף אַ קאַסטען. געבען זיינע דארע, נאַקעטע, קויטיגע פיסלעך איז געשטאַנען אַ קויש מיט עטליכע איבערגעבליבענע בייגעל.

— וואָס זעהסטו אַזוי שלעכט אויס, אינגעל ! — האָב איך איהם אַ פרעג געטהאָן.

אַנשטאַט צו ענטפערען, האָט ער שווער געאָטהעמט.

— ביסט קראַנק ?

ער האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ : ניין, ניט איך.

— טו וואָס זעהסטו אַזוי שלעכט אויס ?

ער האָט געשוויגען און מיך אָנגעקוקט מיט זיינע גרויסע, אויסגעלאָשענע אויגען.

— ביסט פערמאַטערט ?

— יא, פערמאַטערט.

— וואָס פרעגט איהר ? — האָט זיך אריינגעמישט די בעל־הבית'טע, ער איז קוים אריינגעפאַלען אין געוועלב.

— אפילו קיין אָרט נישט... — האָט זי צוגעגעבען.

— פאַרוואָס געהסטו ניט אהיים שוין שלאָפען ? — האָב איך איהם געפרעגט.

— איך וועל איצט דאַרפען געהן ארבייטען.

— ארבייטסט נאָך ביי נאַכט ?

— יא.

— בייטאָג אויך ?

— יאָ.

— טאָ ווען שלאָפסטו ?
— פון צוויי ביז פינף.
— און דער בעל־הבית ?
— ער אַרבייט גאָרנישט.
— און די בעל־הבית׳טע ?
— אויך נישט.
— און די קינדער זיינע ?
— ניין.
— וויפיעל נעמסטו א וואָך ?
— גאָרנישט.
— וואָס הייסט ?
— צוויי יאָהר אומזיסט.

— ווער איז זיין בעל־הבית ? — האָב איך געפרעגט די קרעמערין, ווען דאָס אינגעלע איז זיך וואַקלענדיג אוועקגעגאַנגען.

— איהר קענט זיי נישט ? — האָט זיך די קרעמערין גע־וואונדערט. — ער — א דיקער איד, זי — אויך! אז זיי געהען ארויס שבת אין גאַס, שטעלט זיך יעדער אויף זיי אָב קוקען, און האָבען טאַקי, זאָגט מען געלד.



ר׳ שמעיה זאָגט : נעהם זיך צו עפּעס א מלאָכה אָדער אַן אַרבייט און דערווייטער זיך פון רבנות.

רבי גמליאל, דער זוהן פון רבי יהודה הנשאי, האָט געוואָ־רענט אזוי זיינע תלמידים : דער, וואָס לערענט תורה און האָט ניט קיין מלאָכה אין האַנד טהוט שלעכט, ווייל זיין תורה קען קיין קיום ניט האָבען און מוז איהם פערפיהרען צו זינד.

פּרקי אבות.





# אָבענדשיין

## פון י. י. שווארץ.

דיכטער און איבערזעצער. געבאָרען אין די 90־ער יאָהרען אין רוסלאַנד.

דער לעצטער אבענדשיין פאַלט איצט
אריין אין פענסטער און עס בליצט;
און צינדט מיט גאָלד א שווארצען בליק
און פלאַקערט אויף און ציהט צוריק;
און צאפּעלט זיך אויף בלאַסע הענד,
און לעגט זיך בלוט־רויט אויף די ווענט,
און פלעכט זיך איין אין זיילען שטויב,
און קומט צוריק צום בלויען שויב.

ס'ווערט שטילער אינ'ם שאַפּ אצינד:
דער זאָרגלאָזער געלעכטער שווינדט;
ביי דער די ארבייט פאַלט פון האנד,
האָט בלאַס זיך צוגעשפּארט צום וואַנד;
און איינע בויגט צום טיש זיך מיד
און ברומט היסטעריש אויס א ליעד,
און איינער'ס פּנים צוקט און צוקט —
זי האָט צום פענסטער זיך פערקוקט.

ס'ווערט דונקעלער אין שאַפּ אצינד:
א מיידעל בלאַס, נאָך גאָר א קינד,
האָט אויפ'ן קול צוואווייגט זיך שווער,
ביי איינער קייקעלט זיך א טרעהר,
ביי איינער טיפער זינקט דער קאָפּ,
בויגט צו דער ארבייט זיך אראָב.
און אינ'ם שאַפּ ווערט שטיל אצינד:
דער לעצטער אבענדשיין פערשווינדט.

# אַ מענשען׳ס האַנד...

פון זישא לאַנדוי.

געבאָרען אין 1889. געקומען אין אַמעריקע אין 1906. האָט אָנ־
געהויבען צו דרוקען ליעדער אַרום דער זעלבער צייט.
דיכטער און פּובליציסט.

עס איז ניט קאַלט, דאָך מיינע גלידער
נעהמט דורך די דינע אָבענד־קעלט ;
איך געה אַרום אַ לייכט־פערטראַכטער
אין פייכטען, ליימיג־ווייכען פעלד.

אין הימעל שווימט העל די לבנה
און שטערען לייכטען איבער מיר,
דאָך וואָס בערוהיגט און עס טרייסט מיך,
לאַמטערנען גלעע, דאָס זייט איהר.

אַ מענשענס האַנד האָט אָנגעצונדען
און היט די גאַנצע נאַכט אייך אָב.
אַ, פערלאַמטערענדיגע טאָלען,
איך לאָז צו אייך זיך איצט אַראָב.

דער ווינד בעוועגט די קליידער מיינע,
דער ווינד בלאָזט קיהל מיר אין געזיכט,
און אין מיין האַרץ געהט אויף גאָר פּלוצלונג
אַ גרויס און וואונדערבאַרעס ליכט.

# דער גלח און דער טייוועל

## פון פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקי

## (1821—1881)

בעריהמטער רוסישער דיכטער און דענקער. דער פערפאַסער פון די וועלט־בעוואוסטע ראָמאַנען „פערברעכען און שטראָף“, „ברידער קאַראַ־מאַזאָוו“, „אידיאָט“, „דאָס טאָגבוך פון טויטען־הויז“. אין דעם לעצטען ווערק שילדערט דאָסטאָיעווסקי אין שרעקליכע שוואַרצע פארבען דעם גיהנום פון דער רוסישער קאַטאָרגע, אין וועלכער ער אליין האָט פיעלע יאהרען פערבראַכט. דיעזע קורצע ערצעהלונג אונטער דעם נאָמען „דער גלח און דער טייוועל“ האָט דאָסטאָיעווסקי געשריעבען אויפ׳ן וואַנד פון זיין תפיסה, אין סיביר.



—„וואָס מאַכט מען, טהייערינקער באַטיושקאַ?“ — האָט דער טייוועל געזאָגט צום גלח: „ווער האָט דיר געהייסען אַזוי פיעל ליגען זאָגען צו דיזע אָרימע פערפיהרטע מענשען? צו וואָס האָסטו זיי געשילדערט די שרעקען פון גיהנום? ווייסטו דען ניט אַז זיי לעבען שוין איבער די יסורים פון גיהנום דאָ אויף דער זינדיגער ערד? ווייסטו דען ניט אַז דו און די טשינאָווניקעס פון דער רעגיערונג זיינען מיינע טייוועלשע פאָרשטעהער אויף דער ערד? אָ, דו מאַכסט זיי ליידען די שמערצען פון גיהנום, מיט וועלכע דו שרעקסט זיי אַזוי! דו ווייסט כלומרשט ניט וועגען דעם, האָ? זעהר גוט! טאָ קום מיט מיר.“

דער טייוועל האָט אָנגעכאַפּט דעם פּאָפּ פאַר׳ן קאָלנער, האָט איהם הויך אויפגעהויבען אין דער לופטען און האָט איהם אוועקגעטראָגען אין אַ פאַבריק, אין אַן אייזען־גיסעריי. דאָ האָט דער פּאָפּ דערזעהען, ווי די ארבייטער לויפען ארום אין

אַ בליץ־שנעלער איילעניש און ווי זיי געהען אויס פון דעם סמאַ־ליענדען היץ. אַ פּאָר מינוטען איז געוועזן גענוג פאַר׳ן פּאַפּ אַז ער זאָל פערשמאַכט ווערען פון דער שווערער פערשטיינער־טער לופט און דער טרוקענער בייסענדער היץ. מיט טרערען אין די אויגען האָט ער זיך אָנגעהויבען בעטען ביים טייוועל, ער זאָל איהם לאָזען געהען, ער זאָל איהם ארויסלאָזען פון דיזען גיהנום.

— „אָה, מיין טייערער, איך מוז דיר ווייזען נאָך אַ פּאָר ערטער“, — האָט דער טייוועל געענטפערט. ער האָט דעם פּאַפּ אָנגעחאַפּט און איהם אוועקגעשלעפּט אין די פעלדער. דאָ האָט דער פּאַפּ דערזעהען, ווי די פּויערים דרעשען דעם קאָרן און ווי זיי קוועלען זיך פון שטויב און פון שטיקעניש, און ווי דער משגיח שפּאַצירט ארום מיט אַ קנוט און הרג׳עט מכות־רצח יעדען איינעם, וועלכער פאַלט אין חלשות פון הונגער אָדער פּראַצע..

ווייטער האָט מען דעם פּאַפּ אַריינגענומען אין די חאַ־לופּקעס, וואו די זעלבע אַרבייטער לעבען מיט זייערע פאַמי־ליעס — נעמליך אין די שמוציגע, קאַלטע,פעררויכערטע, שטיקענדע לעכער. דער טייוועל האָט געקריצט מיט די צייהן און געלאַכט און מיט די פינגער געטייטעלט אויף דעם דלות און די ענויים וואָס זיינען געוועזן פאַר זייערע אויגען.

דאָס אַלעס איז געוועזן אַזוי גרויזאַם, אַז ס׳האָט זיך גע־דוכט, דאָס דער טייוועל אַליין האָט רחמנות אויפ׳ן פאָלק. דער פרומער דיענער פון גאָט האָט עס קוים געקענט אויסהאַלטען. ער האָט אויפגעהויבען די הענד צום הימעל און רחמים געבע־טען, דער טייוועל זאָל איהם אַבלאָזען.

„יא, יא“ — האָט ער ווידערהאָלט — „דאָס איז דער גיהנום התחתון“.

„אהא!“ — האָט זיך צולאַכט מיט אַ ווילדען געלעכטער אונזער טייוועל. „דו זעהסט, אהא! און דו נעהסט זיי נאָך

פערשפּרעכען אַן אַנדער העל, אַן אַנדער אַבגרונד אויף יענער וועלט... די פּייניגסט דיעזע מענשען, די מוטשעסט זייער מוח אין דער צייט, ווען זייער גוף איז שוין פיזיש טוידט. טאַ קום זשע! איך וועל דיר ווייזען נאָך אַ גיהנום — נאָך איינעם, דעם ערגסטען!"

דער טייוועל האָט אַוועקגעפיהרט דעם פּאָפּ אין אַ תפיסה. די לופט איז געווען דומפּ פון שימעל און שמוץ און מענשליכע סקעלעטען אָהן פלייש; געזונד און ענערגיע זיינען געלעגען אויף דער ערד, בעדעקט מיט לייז, וואַנצען, און ווערים, וועלכע האָ־בען געפרעסען די אָרימע, נאַקעטע, אויסגעדאַרטע קערפּערס...

„טהו אויס דיינע זיידענע בגדים", האָט געזאָגט דער טייוועל צום לאַנג־האָריגען פּאָפּ — „טהו אָן דיעזע שווערע קייטען אויף די קנעכעל פון דיינע פיס, לייג זיך אַוועק אויף דער קאַלטער, קויטיגער ערד — און דאַן געה צו זיי פּרעדיגען וועגען דעם גיהנום, וואָס ערוואַרט זיי!"

— „ניין, ניין!" — האָט געענטפערט דער פּאָפּ, — „איך קען זיך ניט פאָרשטעלען עפּעס מעהר שרעקליכעס, ווי דיעזעס. איך בעט דיך, טייוועל, לאָז מיך אָב."

„יאַ!" — האָט געזאָגט דער טייוועל — „דאָס איז דער גיהנום, און עס קען ניט זיין קיין שרעקליכערער גיהנום, ווי דיעזער. האָסטו עס דען ניט געוואוסט? האָסטו דען ניט גע־וואוסט, אַז די דאָזיגע מענשען, וועמען די שרעקסט אַזוי מיט דעם קומענדען גיהנם — האָסטו דען ניט געוואוסט, אַז דער גיהנום איז אָט דאָ אויף דער ערד און איידער זיי שטאַרבען?"



# פון גאַמבעטאַ

(1838—1882)

איינער פון די גרינדער פון דער 3־טער פראנצויזישער רעפּובליק. בע־
ריהמטער רעדנער. פּרעזידענט פון דער פראנצויזישער פּאלאַטע
אין 1879 און ערשטער מיניסטער אין 1881. — פון אַ רעדע
וועגען דער ערציהונג פון די פראנצויזישע פּויערים.

מיר וועלען זיך פונאַנדערגעהן אין גאַנצען מיט די וועגען פון פּראָגרעס כל זמן די פראַנצויזישע דעמאָקראַטיע, וואָס וויל אויפלעבען און בענייען דאָס לאַנד, וואָס שטרעבט צו ענטוויקלען איהר גרויסקייט, איהר מאַכט און גאונות, — וועט ניט קענען איבערצייגען די הערשענדע קלאַסען, אַז פאַר זיי גופא איז אַ פראַגע פון לעבען און טויט די בעפרייאונג און די עמאַנציפּי־רונג פון די אַרבייטסלייטע, אין וועלכע ס׳איז בעהאַלטען אַזאַ יונג־פרישער, אונבעריהרטער, אונערשעפּפליכער אוצר פון טאַ־לאַנט און אַקטיוויטעט.



אויף די נידריגסטע, מיאוס׳עסטע אַרבייט גיט רוה דער נשמה. צווייפעל, טרויער, חרטה, עמפּערונג, יאוש — די אַלע בעזע שדים לויערען אויפ׳ן אָרימאַן, אַזוי ווי אויף יעדען אַנ־דערען מענשען, אָבער ווי נור ער וואַרפט זיך אַריין אין זיין אַרבייט, ווערען הערשראָקען די נאַרישע שדים און אַנטלויפען — פון דערווייטענס קוקען זיי און קריצען מיט די צייהן און שעלטען. אינ׳ם רוהיגען האַפען פון אַרבייט איז דער מענש; אַרבייט האָט פערמענשט דעם מענש.

קאַרלייל.

# פון אַלע טעג

## ר. אייזלאַנד.

געבאָרען אין גרויס ראַדאָמישל, גאַליציען, אין 1884. געקומען קיין אַמעריקע אין 1903. האָט זיך אָנגעפאַנגען צו דרוקען אין 1906.

כ'געה אינ'ם שטראָם, און מענשען, קראָמען—אַלץ אַזוי בעקאַנטע
און דאָך פערפרעמדטע — זיך בייטען אַלץ פאַר מיר.
גאַס נאָך גאַס און אָט איז שוין דער שאָפּ און דאָרט אַרויף די טיר,
שילדען גאָלדענע און פענסטער, פענסטער אַלץ אַזוי בעקאַנטע.

כ'שטעה ביי'ם טיר און וואַרט, אַ מיידעל קומט: גוט מאָרגען!
כ'קומען יונגע, אַלטע לייט — גוט מאָרגען און גוט יאָהר!
ס'עפענט זיך די טיר—אַ נעגער יונג מיט קרייזעלדיגע האָר
ציהט אַרויף אונז אין דער הויך. אַ רויש, אַ פליה,
באַלד זיצען מיר אין יאָך שוין ווי די פיה
און ציהען אויסגעמאַטערטע, געשפּאַנט אין שווערע זאָרגען.

ס'איז מיטאַגצייט, אַרום איז שטיל; בלויז ווי אַ ביהן
דאָרט רוישט אין ווינקעל וואו איין איינציגע מאַשין.
אַ מיידעל עסט און קנאַקט דאָס שאָלעכטס פון אַן איי,
און איינער אָדער צוויי געמיטליך זופען טיי,
דערנעבען בראָמקעט עמיץ ציבעלע מיט ברויט, —
און בלאַסע מיידלעך, אָבגעפאַרבט אין רויט,
צושטעלען זיך ביי אָפענע פענסטער אויס
און קוקען גיריג ערגעץ־וואו אַרויס.
און אַנדערע לאַכען קייכענדיג און מאַכען מיט די הענד
און ווינקען מיט די אויגען, שפּאַרענדיג זיך אָן די ווענד.

און אויף אַ פענסטער זיץ איך מיר אַליין,
די פיס פערלעגט, אַ האַנד אין שויס, און קוק אַרויס,
אַזוי זיך גלאַט אַרויס.
אַנטקעגען פון אַ פענסטער ווינקט אַ מיידעל מיר,
און אפשר ווינקט זי ניט, איך קוק אויף איהר
און קוק אַוועק,
און ס'פאַלט מיין בליק אַראָב צום וועג,
וואו ס'שלעפּען אומעטיג בעלאָדען שווער
זיך וועגען, פערד און טראַמס אַהין, אַהער.
און אויף די טראַטוארען שווינבלען מענשענקעפּ
מיט היט פון שטרוי און פילץ, און גלאַט מיט צעפּ.
און ערגעץ ברומט אַ שיף, און איבער אַלע דעכער
צושניידט אַ פייף די לופט. און ערגעץ ווייטער, העכער
פערקלינגט אַ בלאַסער קלאַנג אין דעם געפּילדער,
און ווילד און ווילדער
צורייסט זיך אַלץ די לופט פון פייפערייען
און שיטערער אַלץ ווערען אין דער גאַס די מענשען רייהען.

און כ'זיץ אַזוי, די פיס פערלייגט, אַ האַנד אין שויס,
און קוק זיך אום און קוק אַרויס,
און קוק זיך ווידער אום
און שטום
אַנבויגענדיג דעם קאָפּ, הויב איך זיך אויף,
און לייג די הענד צונויף
און לאָז זיך לאַנגזאַם געהן אַהין
צום ווינקעל, וואו עס וואַרט זיך דרעהענדיג
אַ לעדיגע מאַשין.



# אַ חוצפּה פון אַן אַרבייטער

פון מ. אָשעראָוויטש.

געבאָרען אין 1887 אין טראָסטונעץ, פּאָדאָליער גוב. געקומען אין אמעריקא אין 1910. אָבגעדרוקט זיין ערשטע ערצעהלונג דעם זעלבען יאָהר.



אַך אין דער היים איז הערשעל געווען דער בעסטער שניידער אין שטעדטעל; זיין אַרבייט האָט געהאַט א שם; די נגידי'שסטע טעכטער האָבען ביי איהם זייערע חתונה־קליידער גענייהט; די רייכסטע פּריצות פון'ם זאוואָד האָבען ניט איין מאָל פון קיעוו די טהייערסטע שטאָפען געבראַכט און ביי איהם קליידער זיך געלאָזט מאַכען. און אויך דאָ, אין אַמעריקא, איז ער אַלע מאָל געווען דער בעסטער בעל מלאכה אין שאַפּ, און ווען ער האָט אַרויסגעגעבען אַ שטיקעל אַרבייט פון די הענד, איז דאָס געווען גלאַט און גוט געמאַכט, און ס'איז ממש געווען צו שפּיגלען זיך אין דעם. אפילו אין סיזאָן, ווען די אַרבייט איז אָנגעגאַנגען אין פולען ברען און דער פאָרמאַן האָט ממש פון די הענד געריסען, האָט מען אויך זעלטען ווען אין מאַרקום'עס אַרבייט אַ חסרון געקענט געפינען.

די עקזעמענערס און די פּאַרלייטע פון די שעפּער, וואו ער האָט געאַרבייט, האָבען זעהר געהאַלטען פון איהם. געוואוסט האָבען שוין אַלע, אַז ווען מען דאַרף מאַכען אַ שטיקעל אַרבייט אַזוי בעל־מלאכ'יש, אַז מען זאָל זיך מיט דעם קענען בערימהען, דאַרף מען ס'איהם געבען מאַכען און בלויז אַ זאָג טהאָן: „אָבער — מיט פינגער!" און ס'וועט שוין זיין אַלרייט.

דערפאַר טאַקי האָט מען איהם אַלע מאָל די בעסטע אַר־בייט געגעבען, איהם צוגעזעהען מעהר פאַר אַלע אַנדערע אַר־בייטער, און אין סיזאָן האָט מען שוין געזעהען, אַז ער זאָל זיך ניט דאַרפען באַדערען אפילו אַ מינוט. ס'איז געווען גענוג ער זאָל אַ זאָג טהאָן, מען זאָל איהם עפּעס דערלאַנגען צו דער האַנד, האָט זיך דער פאָרמאַן אליין אַ וואָרף געטהאָן און באַלד דערלאַנגט; דאָס בעסטע אָרט נעבען פענסטער האָט מען איהם אוועקגעגעבען און בכלל האָבען זיך אַלע מאַכערס פון שאַפּ, דער בעל הבית, דער פאָרמאַן און דער עקזעמענער בעצויגען צו איהם ווי צו אַ ציטערדיגען בן יחיד'ל. און ווען דאָס פלעגט די אַר־בייטער פערדריסען און זיי פלעגען אָנהויבען בורטשען, האָט זיך דער בעל הבית אַליין ארויסגעשטעלט:

— איהר צו איהם האָט זיך ניט וואָס צו גלייכען; ער איז אַ בעל מלכה מיט גאָלדענע הענד און איהר זיינט „קאָלומ־בוסניקעס"...

נור איין מאָל, נאָך דעם ווי הערשעל מאַרקוס איז אַ שטיק צייט אַרומגעגאַנגען ליידיג, איז ער אָנגעקומען אַרבייטען אין אַ נייעם שאַפּ, און אָבאַרבייטענדיג דאָרט עטליכע וואָכען, איז ער געווען איבערראַשט פון דעם, וואָס דער בעל הבית אַליין האַלט אין איין זוכען חסרונות אויף זיין אַרבייט און ביי יעדער געלעגענהייט טשעפּעט ער זיך צו איהם. ער האָט דאָס גאָר ניט געקענט פערשטעהן; פאַר דער קורצער צייט האָט ער שוין אוספּייעט צו האָבען אַלע מאַכערס פון שאַפּ אויף זיין זייט, אַלע זעהען וואָס פאַר אַ גאָלדענער בעל מלאכה ער איז, מען בעציהט זיך צו איהם מיט רעספּעקט און מען רופט איהם ניט אַנדערש נור — מיסטער מאַרקוס. און דער בעל הבית אַליין רעדט מיט איהם עפּעס אַזוי פערביסען און שטענדיג קוקט ער אויף איהם ווי אויף אַ שונא און דערגעהט איהם די יאָהרען טויזענד מאָל ערגער ווי דעם ערגסטען קאַליקע. וואָלט דאָס כאָטש געווען ניט אומזיסט, וואָלט דאָס איהם ניט געאַרט, אָבער ער ווייסט דאָך, אַז מיט זיין אַרבייט האָט ער זיך ניט

וואס צו שעהמען, און נאך מעהר: ער זעהט בפירוש, אז דער בעל הבית איז א מבין אויף זיין ארבייט און וויסט, אז אזעל־כע בעלי מלאכות וואלגערען זיך ניט אין גאס. טא פאר וואס זשע טשעפעט ער זיך צו איהם? פאר וואס האט ער איהם פיינד?

און ווירקליך, דער בעל הבית האט איהם טאקי זעהר פיינד געהאט, קיין צוויי ווערטער האט ער מיט איהם גלייכגילטיג ניט געקענט ריידען. און פיינד געהאט האט ער איהם ניט דערפאר וואס ער, הערשעל, אלס גוטער בעל מלאכה, האט זיך אויפ׳ן קאפ ניט געלאזט טרעטען און גאנץ אפט זיך גענומען דאס רעכט צו ענטפערען אקעגען און איהם געבען צו פיהלען, אז ער קעהרט ניט פאר׳ן פלאץ. — ניין, דאס האט איהם ווענינ וואס געארט. פערדראסען האט איהם גאר אן אנדער זאך: גראדע האט ער, דער בעל הבית, אויך געהייסען מארקוס, און ער האט ניט געוואלט ליידען, אז זיינער אן ארבייטער זאל האבען די חוצפה צו הייסען דעם זעלבען נאמען וואס ער...

בשום אופן האט ער ביי זיך ניט געקענט פועל׳ן איהם, דעם ארבייטער, מיט׳ן נאמען מארקוס אנצורופען. ער האט זיך געפיהלט בעליידיגט און פלעגט ווערען אין כעס, ווען אימיצער פלעגט אויפ׳ן קול אויסשרייען: „מיסטער מארקוס!“ מיינענדיג, דעם בעל הבית, און אבגערופען האט זיך גאר ער, דער ארביי־טער...

— זאגט מיר נור, מיסטער לעבען — האט ער זיך איין מאל געוועגדעט צו איהם נישט אהן גיפט — ווי איז אייער ערשטער נאמען?

— מיין ערשטער נאמען? — האט איהם הערשעל אנגע־קוקט פערוואונדערט — צו וואס דארפט איהר אזוי נויטיג וויסען מיין ערשטען נאמען?

— כ׳וויים, גלאט אזוי — האט ער געענטפערט קידער־ווידערדיג, פיהלענדיג זיך געקרענקט פון הערשעל׳ס ענטפער — איהר האט דאך געוויס אן ערשטען נאמען: חיים, משה, זרח?

— ניין, איך הייס ניט חיים און ניט משה און ניט זרח — האָט הערשעל געענטפערט צו־להכעיס׳דיג — איך הייס מיסטער מאַרקוס...

— אַזוי? — האָט זיך דער בעל הבית געקרימט מיט לצנות — מיסטער מאַרקוס הייסט איהר? זעהר פיין!

און אין האַרצען האָט ער זיך געקלערט: אַזאַ חוצפה פון אַן אַרבייטער! מיסטער מאַרקוס הייסט ער! אַנדערש פּאַסט איהם ניט!... און ער איז איהם אַזוי לאַנג געלעגען אין די ביינער, ביז הערשעל האָט שוין מעהר ניט געקענט פערטראָגען און אין גאַנצען פערלאָזען דעם פּלאַץ...

## דאָס שאַפּ־מיידעל

פון א. ליעסין.

געבאָרען אין מינסק, אין די זיעבעציגער יאָהרען. עמיגרירט נאָך אַמעריקע אין 1897. דיכטער און פּובליציסט.

אָה קאַלט און בלאַס און וויסט
איהר יוגענד געהט אַוועק,
אָהן שטערען — איהרע נעכט,
אָהן זונען — איהרע טעג.

אָה עלענד, קאַלט און וויסט,
דאָס לעבען שלעפּט זיך פויל,
אָהן ליעבע און אָהן לוסט,
פול אומעט און פול גרויל.

אין מאַטערניש און שוויים,
אין צרות און אין פּיין,
און ביז אין גראָהען צאָפּ
און ביז אין גרוב אַריין.

# דריי קעפּלעך

## פון שלום־עליכם.

פּסעוודאָנים פון שלום ראַבינאָוויטש. געבאָרען אין 1859, אין וואָראָנקאָוו, פּאָלטאָווער גוב. געשטאָרבען אין ניו־יאָרק אין 1916. גרויסער אידישער הומאָריסט.

.1



פּען פון א שרייבער זאָל זיין א פּענזיל פון א מאָלער אָדער וועניגסטענס אַן אַפּאַראַט פון א פאָטאָגראַף, וואָלט איך דיר, פריינד, געטראָגען א מתנה א בילד לכבוד שבועות א זעלטענע גרופּע פון דריי יונגע, שעהנע, פרעכטיגע קעפּלעך פון דריי אָרעמע, נאַקעטע, באָרפיסע אידישע קינדער. אלע דריי קעפּלעך זיינען שוואַרץ, די הערלעך געגרייזעלט, די אויגעלעך גרויסע, גלאַנצענדע, ברענענדע, און גלייך ווי פערוואונדערט קוקען זיי אויף אייך און פרעגען ביי דער וועלט א קשיא: למאי? איהר קוקט אויף זיי און איהר בעוואונדערט זיי און איהר פיהלט זיך קעגען זיי ווי פערזינדיגט, גלייך ווי איהר זענט טאקי שולדיג אין דעם, וואס מע האָט זיי בעשאַפען — בעשאַפען נאָך דריי איבריגע נפשות אויף דער וועלט!...

די דריי שעהנע קעפּלעך — אבראַמטשיק, מאָיסייטשיק און דבורה׳קע — זיינען צוויי ברידער מיט א קליין שוועסטער׳ל. אבראַמטשיק און מאָיסייטשיק — דאָס האָט זיי דער פאָטער, פּייסי דער איינבינדער, אזוי פערצויגען, אויפ׳ן רוסישען שטייגער. ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר זיין ווייב פּעסי און ער זאָל נישט זיין אזא ביטערער אָרעמאַן, וואָלט ער זיך אליין אויך איבערגעמאַכט דעם נאָמען פון „פּייסי דער איינבינדער“ אויף „פּעטי פּערעפּליאָטשיק“. נאָר אזוי ווי ער האָט א ביסעל מורא פאַר זיין ווייב פּעסי און אזוי ווי ער איז, נישט

דאָ געדאַכט, אַ גרויסער אביון, איז ער דערווייל פערבליעבען ביים אַלטען נאָמען „פּייסי דער איינבינדער“, ביז ס'וועט קו־מען אמאָל די גוטע צייט, יענע גליקליכע צייט ווען עס וועט אלס־דינג ווערען אנדערש, אזוי ווי בעבעל זאָגט, און אזוי ווי קאַרל מאַרקס זאָגט, און אזוי ווי אַלע גוטע קלוגע לייט זאָגען — דע־מאָלס, אָ דעמאָלס וועט אַלסדינג אנדערש זיין!... נאָר ביז די גוטע גליקליכע צייט וועט אמאָל קומען, מוז מען דערווייל שטעהן פון כאור ביז שפּעט אין דער נאכט און שניידען קאַר־טאָן־פּאַפּיער, און קלעבען קעסטעלעך, שאכטלען... און פּייסי דער איינבינדער שטעהט דעם גאַנצען טאָג אויף די פיס און שניידט קאַרטאָן־פּאַפּיער, און קלעבט שאַכטלען, און זינגט בעת מעשה אַלטע און נייע אידישע און נישט אידישע ליעדלעך, צום מייסטען פּרעהליך־טרויעריגע מיט אַ פּרעהליך־טרויעריגען נגון.

— טאָמער וואָלסט דו אויפגעהערט אַ מאָל דיינע גוי'ישע ליעדלעך? אַ מענש האָט זיך עס אביסעל פערליעבט אין גוים! זינט מען איז אַרויס אין דער גרויסער שטאָדט, איז ער געוואָרען אַ גאַנצער גוי, מ'שטיינס געזאָגט!...

.2

אַלע דריי, אַבראַמטשיק, מאַיסייטשיק און דבורה'קע, זיינען געבוירען און געוואקסען אַלע אויף איין אָרט — צווישען וואַנד און צווישען אויוועז, אַלע דריי זעהען פאַר זיך אַלע טאָג איינס און דאָס זעלבע: דעם פּרעהליכען טאַטען, וואָס שניידט קאַר־טאָן, קלעבט שאַכטלעך און זינגט נגונים, און די פערזאָרגטע אויסגעטריקענטע מאַמע, וואָס קאָכט און באַקט און קערט און רוימט, און איז קיין מאָל נישט פּאַרטיג. ביידע זיינען זיי שטענ־דיג אין דער ארבייט: די מאַמע ביים אויוועז, דער טאַטע ביי די שאַכטלען. אויף וואָס דאַרף מען אזוי פיעל שאַכטלען? וועד־דאַרף עס אזוי פיעל שאַכטלען? אזוי טראַכטען די דריי שעהנע קעפּלעך און קוקען שוין אַרויס, אז ביים טאַ־

מען זאָל זיך שוין אָנקלייבען אַ סך, אַ סך שאַכטלען און ער זאָל זיי נעהמען אַלע אויפ'ן קאָפּ און אין ביידע הענד — אפשר טויזענד שאַכטלען — און זאָל מיט זיי ארויסגעהן אין מארק אריין און קומען צוריק אָהן שאַכטלען, נאָר מיט געלד פאַר דער מאַמע און מיט בולקעלעך, בייגעלעך אָדער צוקערקעס פאַר די קינדער... אַ גוטער, אוי אַ גוטער טאַטע ביי זיי, אַ גאָלד ! די מאַמע איז אויך אַ גוטע, נאָר אַ בייזע. מען כאַפּט פון איהר אָפּט אַ זעץ, אַ שטורך אין זייט, אַ דרעה פאַר די אויערען. זי האָט פיינט, אז מען מאַכט איהר אָן „אַ הקדש". זי וויל נישט, אז די קינדער זאָלען זיך שפּיעלען אין „טאַטע־מאַמע" ; זי וויל נישט, אז אבראַמטשיק זאָל שניידען די אראָבגעפאַלענע שטיקלעך קאַרטאָן, אז מאָיסייטשיק זאָל גנבה'נען פּאַפּ ביים טאַטען און אז דבורה'קע זאָל באַקען ברויט פון זאַמד מיט וואַסער... די מאַמע וויל, אז די קינדער זאָלען זיצען שטיל, סטאַטעטשנע, די מאַמע ווייס נישט, אַ פּנים, אז יונגע קעפּלעך ארבייטען, אז יונגע נשמות רייסען זיך, רייסען זיך — וואוהין ?... אין דרויסען ! צו דעם ליכט ! צום פענס־טער ! צום פענסטער !

.3

סך־הכל איין פענסטער, איין שטיקעל פענסטער. אַלע דריי קעפּלעך שלאָגען זיך פאַר'ן שטיקעל פענסטער, און וואָס זעהט מען דאָרט ? אַ וואַנד. אַ הויכע, אַ ברייטע, אַ גראָהע, אַ נאַסע וואַנד. שטענדיג, עביג איז זי נאַס. אפילו זומער !... קומט אַמאָל אהער די זון ? געוויס, קומט אַמאָל אהער די זון. דאָס הייסט, נישט די זון אַליין, נאָר אַ שיין פון דער זון. און דע־מאָלט איז אַ יום־טוב. אַלע דריי שעהנע קעפּלעך שפּאַרען זיך צום שטיקעל פענסטער, קוקען ארויף, גאַנץ אויבען, און זעהען אַ לאַנגען שמאָלען בלאָהען פּאַס, ווי אַ לאַנגע בלאָהע סטענגע.

— אַ ! זעהט איהר, קינדער ? אָט דאָס איז הימעל !

אַזוי זאָגט אַבראַמטשיק. אַבראַמטשיק ווייס. אַבראַמטשיק גערט אין חדר. ער לערנט שוין קמץ אלף. דער חדר איז טאַקי דאָ נישט ווייט, די צווייטע שטוב, דאָס הייסט, די צווייטע טהיר. אַך! וואָס אַבראַמטשיק דערצעהלט זיך אָן פּאַר חדושים פון׳ם חדר! אַבראַמטשיק דערצעהלט, אַז ער האָט אַליין געזעהן, ער זאָל אַזוי זעהן אַלדעס גוטס, אַ גרויסען מויער פון סאַמע פענסטער פון אויבען ביז אַראָב. אַבראַמטשיק שווערט, אַז ער האָט אַליין געזעהן, ער זאָל אַזוי זעהן אַלדעס גוטס, אַ קוימען, אַ הויכען קוימען און פון׳ם קוימען געהט אַ רויך... אַבראַמטשיק דערצעהלט אַז ער האָט אַליין געזעהן, ער זאָל אַזוי זעהן אַלדעס גוטס, אַ מאַשינע, וואָס מען נעהט אויף איהר אָהן הענד... אַבראַמטשיק דערצעהלט, אַז ער האָט אַליין געזעהן, ער זאָל אַזוי זעהן אַלדעס גוטס, אַ וואָגען, וואָס פאָהרט אָהן פערד... און נאָך אַזעלכע נסים ונפלאות דערצעהלט זיי אַבראַמטשיק פון׳ם חדר, און שווערט זיך, ווי די מאַמע שווערט זיך — ער זאָל אַזוי זעהן אַלדעס גוטס... און מאָיסייטשיק, און דבורה׳קע הערען איהם און זיפּצען און זענען איהם מקנא, וואָס אַלסדינג ווייס אַבראַמטשיק, אַלסדינג!

למשל אַבראַמטשיק ווייס, אַז אַ בוים וואַקסט. אמת, ער אַליין האָט נאָך, גלייך מיט זיי, קיין מאָל נישט געזעהן ווי אַזוי עס וואַקסט אַ בוים. נישטאָ קיין ביימער אויף דער גאַס. נישטאָ! ער ווייס אָבער (אין חדר האָט ער עס געהערט), אַז אויף אַ בוים וואַקסען פּירות, — און דערפאַר מאַכט מען אויף אַ פּרי „בורא פּרי העץ“. אַבראַמטשיק ווייס (וואָס ווייס ער דען נישט?) אַז קאַרטאָפלעס, למשל, אָדער אוגערקעס, אָדער ציבעלעס, אָדער קנאָבעל וואַקסען אויף דער ערד. — און דערפאַר מאַכען מיר אויף זיי „בורא פּרי אדמה“. אַלסדינג ווייס אַבראַמטשיק! ער ווייס נאָר נישט, ווי און ווי אַזוי דאָס וואַקסט, וואָרים ער האָט דאָס נאָך, גלייך מיט זיי קיין מאָל נישט געזעהן, וואָרום אויף זייער גאַס איז נישטאָ קיין פעלד, נישטאָ קיין גאָרטען, נישטאָ קיין ביימער, נישטאָ קיין גרעזעל, — נישטאָ! נישטאָ! אויף

זייער גאָס זיינען דאָ גרויסע מויערן, גראָהע ווענד, הויכע קוי־מענס, וואָס עס געהט פון זיי א רויך, און פענסטערלעך א סך אין יענעם גרויסען מויער, טויזענדער, טויזענדער פענסטערלעך, און מאשינעס וואָס נעהען אָהן הענד, און וואָגענס, וואָס פאָהרען אָהן פערד — און ווייטער גאָרנישט ! גאָרנישט !

אפילו א פויגעלע זעהט מען דאָ זעלטען. עס פערבלאָנזעט אמאָל אהער א וואָראָבייטשיק, איז ער גראָה אזוי ווי די גראָהע וואנד. פיק־פיק די גראָהע שטיינער, הויבט זיך אויף און פליהט אוועק... פון עופות זעהען זיי אמאָל אויף שבת א פערטעל עוף מיט א בלאס אויסגעצויגען פיסעל. וויפיעל פיסלעך האָט אן עוף ? — זעלבסטפערשטענדליך, פיער ! עלעהיי א פערד ! אזוי פסקנ'ט דער עלטערער אבראמטשיק, און אבראמטשיק וויס דאָך אלעס !... אמאָל ברענגט די מאמע פונ'ם מארק א קעפעל פון אן עוף מיט ארויפגעגלאָצטע אויגעלעך איבערגעצויגען מיט א דין ווייס הייטעל... „ס'איז טויט" — זאָגט דער עלטערער אב־ראמטשיק, און אלע דריי קעפלעך קוקען איינס אויפ'ס אנדערע מיט גרויסע שווארצע אויגען און זיפצען... געבוירען און אויפ־געצויגען געוואָרען אין דער גרויסער שטאָדט, אינ'ם גרויסען מויער, אין גרויסער ענגשאפט, עלענד און ארמוט, האָבען אלע דריי קינדער קיין מאָל נאָך נישט געהאט קיין געלעגענהייט צו זעהן פאר זיך לעבעדיגערהייד נישט קיין עוף, נישט קיין חיה, נישט קיין בהמה, אויסער א קאץ. א קאץ האָבען זיי אן אייגענע, א לעבעדיגע, א גרויסע קאץ, גראָה ווי די גרויסע גראָהע גאסע וואנד... די קאץ איז זייער גאנץ פערגעניגען. מיט דער קאץ שפיעלען זיי זיך שעה'ן לאנג, טהוען איהר אָן א פאטשיילע אויפ'ן קאָפּ, רופען זי „מחותנת'טע" און לאכען, לאכען, אָהן א שיעור ! דערזעהט די מאמע און טיילט זיי איין : שענקט זיי — דעם א זעץ, דעם א שטורך אין זייט, דעם א דרעה ביים אויער. די קינדער צוגעהען זיך אויף זייערע ערטער, הינטערן אויוון. דער עלטערער, אבראמטשיק, דערצעהלט עפּיס, און די קלענערע,

מאַיסייטשיק און דבורה'קע, האָרכען; קוקען אויף זייער על־טערן ברודערל מיט גרויסע אויגען און האָרכען. אבראַמטשיק זאָגט, אז די מאַמע איז גערעכט. אבראַמטשיק זאָגט, אז מיט א קאַץ טאָר מען זיך נישט שפּילען, ווייל א קאַץ איז א טמא זאַך און א מזיק. אלסדינג ווייס אבראַמטשיק, אלסדינג! ס'איז דען דאָ א זאַך אויף דער וועלט, וואָס אבראַמטשיק זאָל נישט וויסען?



# אויף דער על־טער

פון י. אָפּאַטאָשו.

געבאָרען 1887, אין מלאַווא, פוילען. געקומען נאָך אַמעריקאַ 1907. אָנגעהויבען שרייבען אין 1910.



ס איז געווען אַ הייסע תמוז־נאַכט.

שמחה שוחט, אַ זקן פון איבער זיבעציג, האָט אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט געקענט צו־מאַכען. ער האָט זיך געדרעהט פון איין זייט אויף דער צווייטער, געקרעכצט, אז עס איז דער־שטיקט צו ווערען; יעדע ווײַלע האָט ער זיך אַן איבערגעשראָקענער אויפגעכאַפּט, ווי איינער וואָס האָט מורא צו פערשפּעטיגען אַ צוג, און זיך איינגעהערט אין דער שטילקייט.

ס'איז געווען פינסטער. נאָר דורך אַ ווינקעל פון פענסטער האָט אַ גאַנצע לבנה אריינגעקוקט, בעזילבערט דאָס גרויסע, דאָ־פּעלטע בעט, וואו דעם אַלטען'ס בעלי בתים זיינען געשלאָפען אָפּגעדעקטע, מיט נאַכלעסיג פערוואָרפענע הענט, ווי הרוגים. שמחה האָט זיך אַ ווײַלע איינגעקוקט, געזעהען ווי זיין „מיסיס" שלאָפט מיט אַן אָפען מויל, די צוויי גאָלדענע צייהנער פינקלען פון מויל ארויס, און אין זיין אַלטען מח האָט עפּעס אויפגע־בלאַמט.

אין דער נאַכטיגער שטילקייט האָט דער קלענסטער ריהר זיך געהערט דייטליך, זיך צואוואַקסען און פערוואַנדעלט געוואָ־רען, ווי ביי אַ קינד, אין אַ לעבעדיגער זאַך. דאָס שנאָרכען פון די בעלי־בתים, דאָס גריזשען פון מייזלעך אין בלעכינעם ברויט־קעסטעל, די שטילע טריט איבער די הויז־שטיגען, — אַלץ האָט דעם אַלטען געשראָקען. זיינע כמעט אָבגעטעמפּטע חושים האָבען ביי נאַכט אין דער פינסטער אויפגעלעבט, און

פערשאַרפט געוואָרען ביז צו אַ וועהטאָג. ווי אַן איבערגעשראָקען קינד האָט שמחה זיך איינגעטוליעט אין קישען און געוואָלט איינשלאָפען. איינשלאָפען אָבער האָט ער נישט געקענט: עס האָט געשטיקט. די לופט איז געווען געדיכט, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען טאַפּט זי אָן מיט די פינגער.

די שטיקעניש אָבער איז געווען אַ קלייניגקייט. שוין איבער אַ וואָך, ווי דער אַלטער שוחט איז ניט געשלאָפען. די רבנים האָבען איהם גע׳פּסל׳ט צו זיין אפילו אַ מסיע (אַן ארויסהעלפער) אין אַ היהנער־מאַרק, וואו ער האָט פּערדינט אַכט טאָלער אַ וואָך. שמחה האָט געוואוסט, אַז ער טאָר נישט האַלטען קיין חלף אין האַנד; וואָס האָט ער אָבער זיך געקענט העלפען? אַז ס׳איז רע—אַמעריקאַ! אין דער היים וואָלט איהם די שטאָדט אויסגעהאַלטען; און דאָ קומט אויס ניט אַנדערש, ווי צו לעגען די צייהנער אויף די פּאָליצע. ווען זיין אַלטיטשקע וואָלט געלעבט, וואָלט ער אפשר צו דעם אַלעם ניט געקומען. אַז ער האָט נישט, ווער ס׳זאָל איהם צוזעהען. ס׳געהען דורך טעג, און ער האָט נישט קיין לעפעל געקעכץ, איז אַ וואונדער, וואָס די הענד ציטערן ביי איהם? מיט היהנער איז נאָך ווי ס׳איז, אָבער מיט העהנער — זאָל גאָט שומר ומציל זיין! ווי אויף צו להכעיס אנטלויפען די ושט׳ס פון אונטער די פינגער און געה זיי אַ בריה, מאַכט נישט טריף! דער אַלטער האָט אָנגעשטעלט די רעכטע האַנד אין דער לופטען, זי אונטערגעשפּאַרט מיט דער צווייטער אונטער׳ן עלענבויגען און זיך איינגעקוקט ציי זי ציטערט. די האַנד האָט זיך געטרייסעלט. אַ דערשלאָגענער האָט שמחה אראָבגעלאָזט די האַנד, געפיהלט, אַז ער איז עלענד, האָט נישט קיינעם, אַז ס׳רוקט זיך אָן אַ שווערע עלטער, און ס׳האָט איהם פּערקלעמט אונטער׳ן האַרץ.

ער האָט אויפגעזוכט אויפ׳ן פּענסטער אַ שטיקעל סיגאַרעטעל, וואָס ער האָט עס נעכטען פאַר׳ן שלאָף איבערגעלאָזט, עס פּערצויגען און מיט אמאָל דערפיהלט, אַז ער מוז שוין זעהר

אַלט זיין—די קלענסטע ערגערניש מאַכט איהם וויינען. ער האָט זיך אויסגעווישט די אויגען, אויסגעשפּיגען, פּערצויגען עטליכע מאָל, און אין זיין אָבגעריבענעם זכרון איז דורך זיין ביסעל יאָהרען ווי רויטליכע פּאַסען: צעהן יאָהר געריסען דעם גאָרגעל ביי אַ חזן און זיך געלערענט שחיטה, פינף און צוואַנציג יאָהר געשאָכטען בהמות, פופצעהן יאָהר — עופות.

אַ קינד, וואָס איז געשלאָפען אין אַ וויגעל, האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך אַזוי צושריען, אַז ס'האָט געגרילצט אין די אויערען.

— צו אַלדע יאָהר, — האָט דער אַלטער געברומט, — ווי דאָס געוואַלדעוועט! אפילו ביינאַכט שלאָפט עס נישט! ווי דער סמבטיון!

— און אַז איהר וואָלט עס צוגעוויגט, וואָלט איהר אַ חטא געטהון? — איז די מוטער אַ האַלב־נאַקעטע אַראָב פון בעטעל, זיך געלעגט איבער'ן וויעגעל און עס גענעבען צו זויגען — אַן אַלטער און אַ קינד אין אַלץ איינס!

דער שוחט האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך אָנגעטהאָן אין בעטעל, אַראָב, זיך אָבגעגאָסען די נעגעל און גענומען זאָגען „מורה אני". אין מיטען האָט ער פערגעסען אַ וואָרט, זיך געוואָלט דערמאָנען, האָט אָבער דער מח ווי געדרעמעלט, און אין זכרון איז אַלץ צושוואומען. שמחה האָט טיף אָבגעזיפצט, זיך געריבען דעם שטערען, אָנגעהויבען נאָך אַמאָל פון אָנהויב און אָנגעצונדען דעם גאַז־אויוועז.

דער אַלטער האָט גענומען אַ גלאָז טהעע אין זיינע צעיוירענע, ציטערדיגע הענט און נאָך יעדען זופּ אַ זיפץ געטהאָן, זיך בעלעקט און צוגעסמאַטשקעט מיט די ליפּען און מיט דער צונג.

ער האָט אריינגעלעגט די חלפים אין דער קעשענע און איז ארויס פון שטוב. עס האָט שוין געטאָגט. אויף דער גאַס איז שמחה געוואָרען מונטערער. צי די פרישע לופט, צי דער אָנגענעהמער ריח, וואָס האָט אַ בלאָז געטהאָן אויפ'ן אַלטען, פּאַר־

ביינעהענדיג א בעקעריי, האָט אזוי געווירקט אויף איהם, נאָר שמחה האָט מיט אמאָל ווי אראָבגעשאָקעלט פון זיך די מורא פאר דער עלטער. איהם האָט זיך אויסגעדאַכט, אז ער וועט זיך נאָך מיט אַלע אָברעכענען. ער וועט א קוק טהאָן אין „מארק“ אריין, נעמען שעכטען, ווי אין די אַלטע, גוטע צייטען — א שטייג היהנער אין פינף מינוט! אַלע וועלען קוקען, נישט גלויבען זייערע אויגען, און דער בעל־הבית אליין וועט צוקומען: „סטייטש, ר׳ שמחה, זיי האָבען דאָך א בלבול אויף אייך אויסגעטראַכט, ס׳ברענט דאָך ביי אייך אונטער די הענט, א מחיה! נאָט, מאכט א שנאַפּס, ס׳הארץ איז דאָך מסתמא ביי אייך אוועק“. און ער, ווי קיינמאָל גאָרנישט, וועט שליידערן די עופות אין די פעסלעך מיט זעגאַכץ, זיי ווייזען, די היגע רבנים, וואָס הייסט איהם, שמחה׳ן, צו פסל׳ען פון שחיטה. און אז זיי וועלען מיט איהם צופיעל אָנהויבען, לאָזט ער זיי שוויצען אין מיטען דער ארבייט און געהט אוועק.

געגנוג געשאָכטען אויף זיין לעבען! און אז ער וועט ניט האָבען פון וואָס צו לעבען, האָט ער נאָך קיין עין־הרע א זוהן, וואָס דיענט אין דער ארמעע. סעם וועט דעם טאַטען נישט לאָזען פאלען!

און דער אַלטער שוחט האָט זיך אין גאַנצען פערגעכען. געוואָרען מיט אמאָל דער אייגענטהימער פון „מארק“, געפיהלט ווי עס צונעהמט איהם, ווי ער וועט אינגער און געטראַכט, וואָס ער זאָל טהון מיט׳ן אַלטען שמחה׳ן. אָבזאָגען דעם אַלטען האָט ס׳הארץ איהם נישט געלאָזט, האָט ער בעשלאָסען צו מאכען שמחה׳ן פאר א משגיח.

איבער דער לעדיגער גאס האָט זיך שוין געהערט דאָס קרעהען פון העהנער. ביי שמח׳ן איז אלץ צושוואומען, און ער האָט דערפיהלט ווי זיין הארץ נעמט זינגען, די רעכטע האנד ציטערט, ווי מען וואָלט איהם אָבגענומען הענט און פיס.

דער „מארק“ איז געווען פול מיט קצבים. טייל האָבען געקליבען עופות אין די שטייגען, אַנדערע האָבען געוואויגען די

געשאָכטענע סחורה, זיך געקריגט איבער יעדער קלייניגקייט. אין דער זייט, ביי בלעכענע פעסעל מיט זעגאַכץ, זיינען גע־שטאַנען צוויי שוחטים — איידעלע יונגע־לייט מיט פערבלו־טיגטע וואָנסען פון צופיעל כאַפּען די חלפים צווישען די ציינער. די שוחטים האָבען געהאַלטען אין איין קוילען, גע־וואָרפען די עופות אין די פעסלעך. און אַז אַן עוף איז טריף גע־וואָרען, איז אַרויס פון אַ ווינקעל אַן איטאַליענער מיט אַ קרוג און הכנעה'דיג עס צוגעכאַפּט, ווי ער וואָלט נור אויסגעוואָרט, דער שוחט זאָל נישט בעשפּריצט ווערען מיט בלוט. מיט אַ פערכאַפּטען אָטהעם האָט דער איטאַליענער געהאַלטען דאָס עוף איבער דעם קרוג און פון גרויס הנאה זיך בעלעקט, ווי ס'בלוט איז גערונען.

די העהנער, ווי זיי וואָלטען פערשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר, האָבען אויפגעהויבען די קעפּ מיט די רויטע קאַמען, אָנגע־שטעלט די שפּאָרען, ווי צו וועהרען זיך, בייז געקוקט אויף די „כאַפּערס" און געקרעהט. די היהנער האָבען אַראָבגעלאָזט די נאַרישע קעפּלעך און זיך געטוליעט הינטער די העהנער. די קצבים, די עופות, דאָס בלוט — אַלץ האָט געשריען, זיך אויס־געמישט און אויסטערליש אָבגעקלונגען אין דעם שטילען פאַר־טאָג.

שמחה האָט זיך אריינגעגנב'עט אין „מאַרק" אַריין, גע־זאָגט „גוט־מאָרגען", גלאַט אַזוי, פון געוואָהנהייט, נישט גע־וואַרט, אַז אימיצער זאָל איהם ענטפערען און געווען צופריעדען, וואָס קיינער האָט איהם נישט בעמערקט.

— ר' שמחה — האָט איהם אַ קצב גערופען — קומט אַהער און שעכט מיר דעם האַלבען שטייג סחורה. כ'האָב קיין צייט נישט צו וואַרטען, כ'בין פערנומען.

שמחה האָט געפיהלט, ווי ס'ווערט איהם פינסטער אין די אויגען, ווי ער טרייסעלט זיך אין גאַנצען, זיך אָבער געמאַכט האַרץ און גיך אַ נעהם געטהון פון קצב דאָס ערשטע עוף. כ'איז געווען אַ האָהן. דער אַלטער האָט איהם בעטראַכט ווי

אָן אתרוג, געעפענט דעם שנאָבעל, אויפגעזוכט דעם ושט, אָנ־געשטעלט דעם האָהן ווי אַ פּיסטאָלעט, זיך גענומען צילעווען מיט׳ן חלף און קראַ, קראַ, — נישט איבערגעשניטען די סמנים.

דער איטאַליענער מיט דעם קרוג איז אונטערגעשפּרונגען.

אַן אַדרעסער יונג, וואָס האָט געאַרבייט אין מאַרק, איז גע־שטאַנען הינטער שמחה׳ן, זיך כלומרשט געשאָכטען זיין אייגענע האַנד, נאָכמאַכענדיג דעם אַלטענס מינעס און עוויות. די אַר־בייטער האָבען געפּלאַצט פון געלעכטער.

אָן אָבגעגאָסענער מיט שוויים האָט דער אַלטער גענומען דעם צווייטען האָהן, געוועזן זיכער, אַז ער וועט איהם טריף מאַכען, אויפגעזוכט דעם ושט, איהם געהאַלטען אַזוי פעסט, אַז ער האָט שיעור נישט דורכגעלעכערט ס׳העלזעל, גענומען צי־לעווען מיט׳ן חלף און קרי, קרי — גענאָפּעלט.

דער אַדרעסער איז געשטאַנען פון הינטען און געמאַכט די זעלבע גרימאַסען.

ביים אַלטען האָט דורכגעבליצט, ער זאָל צוגעהן צום בעל־הבית, איהם זאָגען, אַז ער קען מעהר נישט שעכטען, אַז ער איז נישט שולדיג, וואָס די האַנד ציטערט איהם. זיך אויסגעדרעהט, דערזעהן דעם אַדרעסער און זיך פערמאָסטען מיט׳ן טריף׳ענעם האָהן:

— שמדל׳ניק, דו אויך! — און ער האָט איהם אָבגעמאָס־טען איבער׳ן פּנים, אויסשמירענדיג איהם מיט בלוט.

דער אַדרעסער האָט זיך געווישט ס׳פּנים, געוואוסט, אַז ער זעהט אויס לעכערליך, האָט ער זיך פאַרלוירען פאַר די חברים און כלומרשט געשמייכעלט:

— אַזאַ אַלטען תרח! מען זאָל איהם לאָזען וועט ער נאָפּלען אַלע היהנער!

— קום אַהער, — האָט דער אַלטער געשריען צום בעל־הבית, און אויסגעשטרעקט דעם חלף — דיך וועל איך אסור נאָפּלען!

— ר׳ פּישעל, — האָט דער בעל־הבית, וואָס איז געשטאַ־

נען די גאנצע צייט אָן א זייט, געקנעפּעלט זיין ווייסען כאלאט, א געשריי געטהון צו איינעם פון די שוחטים — געהט נור צו, דער אלטער עבר־בטל וועט מיר ברידל־הדל שטעלען, נעהמט איהר און שעכט די עופות!

דער אלטער שמחה האָט בדעה געהאט צו פערטהיידיגען זיך מיט׳ן חלף, קיינעם ניט צולאָזען אויף זיין פּלאץ. ער האָט זיך אָבער אָבגערוקט, געפיהלט ווי מען פערגיסט איהם ס׳בלוט, אראָבגעלאָזט דעם בעוואקסענעם, גראָען קאָפּ און געבליבען זי־צען אויף א ליידיגער שטייג פון היהנער.

אלץ אין איהם האָט געוויינט, זיך געקאָרמישעט פון בושה, פון עלענד. ער האָט געוואוסט, אז ער איז פערלוירען, אז צום זוהן וועט ער קיין מאָל נישט שרייבען. ער ווייס שוין פון יאָה־רען נישט, וואו ער איז, און אונבעוואוסט, ווי פון זיך, האָבען די אויסגעדאַרטע ליפּען געוויספּערט: „אל תשליכני לעת זקנה“.

דער טומעל אין מארק איז געוואָרען אלץ גרעסער. קצבים זיינען אָנגעקומען. אנדערע זיינען אוועקגעגאנגען, געקלאפּט מיט די וועגעלעך. העהנער האָבען נישט אויפגעהערט קרעהען, קלאפּען מיט די פליגעל, און די שוחטים, ווי מאשינען, האָבען געארבייט מיט די בלאנקענדע חלפים, זיי געכאפּט פאר די הענט־לעך אין די מיילער, אויסגעבויגען די העלזלעך פון די עופות און מיט א „קרי־קרי“ זיי געשליידערט אין די פעסלעך מיט זעגאכץ.

אלע האָבען פערגעסען אָן אלטען, איהם פערבייגעגאנגען, זיך נישט אָבגעשטעלט, ווי ער וואָלט קיין מענש נישט געווען, נור א לעדיגע שטייג פון היהנער.

און די עופות אונטער׳ן אלטענס פּלייצעס האָבען געגוואל־דעוועט, געקלאפּט מיט די פליגעל, געריסען די העלזער, ווי זיי וואָלטען נקמה גענומען פון איהם.

שמחה האָט געקוקט מיט א פּאָר פערלאָפענע אויגען, גאָר נישט געזעהען, און אין זיין מח זיינען דורך בלוטיגע פּאסען — צעהן יאָהר דעם גאָרגעל געריסען ביי א חזן און זיך געלערנט

שחיטה, פינף און צוואַנציג יאָהר געשאָכטען בהמות, פופצעהן יאָהר — עופות...

און איצט?

דער אַלטער האָט זיך פערגאָסען מיט טרעהרען, אויפגע־הויבען דעם פערוואַקסענעם גראָהען קאָפּ, געפיהלט אז אין לע־בען איז איהם שוין גאָר נישט געבליבען, און אויסגעשטרעקט דעם דאַרען האַלז, ווי ער וואָלט זיך געבעטען — שעכטס.

# פון אַן אַרבייטערינס טאָג־בוך

## י. גאָרדין.

בעריהמטער דראַמאַטורג און רעפאָרמאַטאָר פון דעם אידישען טעאַטער. געבאָרען אין 1853 אין מירגאָראָד, פּאָלטאַווער גוב. עמיגרירט קיין אַמעריקאַ אין 1891. האָט אויפגעפיהרט זיין ערשטע דראַמע „סיביר“ אין 1892. געשטאָרבען אין ניו־יאָרק אין 1909.



אַלד איז זעקס א זייגער — אַך, ווי לאַנג דער טאָג ציהט זיך! אַרבייט, אַרבייט, צוליעב וואָס? צוליעב לעבען? און וואָס האָב איך פון מיין לעבען? צרות און עלענד: דאָס איז מיין שיקזאַל!

קוים דערלעבט, איך לויף אַהיים! אַהיים! וואו איז מיין היים? אויפ׳ן העכסטען עטאַזש פון א פינסטע־רען טענעמענט־הויז. ווער און וואָס ערווארט מיך אין דער היים? קאַלטע, פרעמדע געזיכטער; א שלאָפלאָזע נאַכט און א פערשטיקט צימערעל אָהן ליכט.

אָ וואו זייט איהר מיינע קינדערישע יאָהרען? וואו ביסט דו גליקליכע צייט? טייערע, גוטע מאַמע! וואו ביסט דו איצ־טער? ווייט, ווייט פון מיר. דיין איינציג קינד איז פער־ווארפען מעבר לים, עלענד, פערלאַזען, אָהן מוט, אָהן טרייסט!

איך געדענק נאך יענע פינסטערע נאכט מיט דריי יאהר צוריק, דער לעצטער קול, פלוצלונג דער דריטער קלונג, דו גיסט א געשריי, איך קען ניט פערגעסען דיין לעצטען געשריי, ווען דער צוג האט זיך אנגעהויבען צו ריהרען.

איך האב זיך ארויסגעריסען, מיין טייערע, פון דיינע ארעמס, האב פערלאזען דאס ליעבע נעסט, אוועק זוכען גליק, גליק אינ'ם גאלדענעם לאנד. און וואס האב איך געפונען? צרות, נויט, אומגליק, שאנדע, דלות, עלענד, שמוציגע פאבריקען, פערשמערטע טענעמענט הייזער. דו בענקסט נאך מיר, האסט ניט קיין טרייסט אויף דיינע אלטע יאהרען, און הונגער איז געשטארבען דיין איינציגער זוהן, דו רופסט דיין טאכטער צוריק צו דיין נעסט, זוכסט א טרייסט. א וועניג טרייסט קען דיר געבען דיין טאכטער.

ניט אומזיסט האסטו אזוי ביטער געוויינט, שיידענדיג זיך מיט דיין קינד. א! דיין מוטערליכע הארץ האט געפיהלט דיין קינד'ס שיקזאל. דו בעטסט מיך אהיים, וועניג נחת קענסטו איצט האבען פון דיין טאכטער. מיין לעבען איז צובראכען פון שווערע לאסטען; דיין איינציג קינד, דיין בת יחידה, איז היימלאז, הונגעריג, עלענד, פערפיהרט. א, ווי טראגט מען דאס אלץ אריבער!

אה, טרערען! איהר פערלאזט מיך ניט אפילו אין מיין אומגליק! האב איך נאך א גוטען פריינד, דעם איינציגען — אייך, טרערען!



# די האַנד אין דער מאַשין

פון אַדאַ נעגרי

(אידיש פון ד. פולס.)

די רעדער דרעהען, ס׳רוישען די מאַשינען;
ס׳דערעסט די אַרבייט ניט, און לוסטיג קלינגען
די שטימען אין דעם זינגען.

איין וועה געשריי דרינגט פּלוצים אין די אויערען,
אַ קלאָג אַ שרעקליכער, ווי פון אַ טהיער אין וואלד,
ווען עס פערוואונדעט פאַלט.

עס האָבען די מאַשינעס שאַרפע מעסער
— אָ, אָרימע, בלאָנדע פרוי, ווי שווער האָסטו געליטען! —
די האַנד דיר אָבגעשניטען.

* * *

די רעדער דרעהען, ס׳רוישען די מאַשינען,
נאָר דאָך די מענשענס גראָבע שטימען קלינגען
ניט מעהר אין׳ם הויכען זינגען.

עס מישען מיט׳ן שווייס זיך זיי׳רע טרערען.
פון ווייטען הערט מען די מאַשינען ברימען
מיט טרויעריגע שטימען.

און אָהן אַ אויפהער שטעהט מיר פאַר די אויגען
— אָ, אָרמע, בלאָנדע פרוי, ווי שווער האָסטו געליטען! —
די האַנד, וואס אָבגעשניטען.

# דער שניידער

פון ש. ראפאפארט.

געבארען אין 1863, אין וויטעבסק. האט אבגעדרוקט זיין ערשטע ע׳צעהלונג אין 1883. דיכטער, פובליציסט און כלל־טהוער.

די שטוב איז קליין, די שטוב איז אלט,
אין יעדען ווינקעל מיסט און קויט.
ס'איז פינסטער, אומעטיג און קאלט,
א קראנקער שניידער זיצט און נעהט.

דער שניידער נעהט,
די נאדעל גנעהט,
דער מח דרעהט,
ס'איז גרויס די נויט.
ניטא קיין ברויט, ניטא קיין ברויט.

דאס פנים געל, פערצאגט, פערטראכט,
די נאדעל רודערט טאג און נאכט,
פון צייט צו צייט א טרוקענער הוסט
האלט איין די האנד, רייסט אויף די ברוסט.

דער שניידער נעהט,
די נאדעל גנעהט,
דער מח דרעהט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטא קיין ברויט, ניטא קיין ברויט.

אין שטוב איז אומעטיג און פוסט,
פון וויעג א זיפץ, פון בעט א הוסט,
און אָרים לעמפּעל ברענט זיך שוואַך,
א בעזער רעגען קלאַפּט אין דאַך.

דער שניידער נעהט,
די נאָדעל געהט,
דער מח דרעהט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין ברויט.



## דאָס ליעד פון'ם העמד

פון טאָמאס הוד

אידיש פון מ. ווינטשעווסקי.

מיט מאָגערע פינגער, דאַר און אויסגעדרעהט,
מיט אויגען, וואָס זיינען פון ארבייט שוין בלינד —
א ווייבעלע זיצט זיך אין שמאַטעס געקליידט,
און ווארפט מיט'ן נאָדעל און פאָדעם געשווינד,
שטעך — שטעך — שטעך!
אין הונגער, אין דלות, פאַר אלעמען פרעמד,
און דאָך מיט א ריהרענדער שטים אין דער הויך,
זינגט זי זיך דאָס ליעד פון'ם העמד.

„איך נעה — נעה — נעה !
נאך איידער דאס קרעהען פון האהן איז צו הערען :
איך נעה ! אבער נעה — ווידער נעה !
ביז איך זעה דורך די לעבער אין דאך שוין די שטערען.
מיר דאכט זיך, עס קען ניט זיין ערגער א קנעכט,
וואס ארבייט אלס שקלאף ביי די היידען, ביי׳ם טערק,
מיר דאכט זיך, עס קען איהם ניט זיין אזוי שלעכט,
ווי מיר איז ביי דיעזען אונמענשליכען ווערק !

„נעה ! פראצעווע — הארעווע — נעה !
ביז איך קען מיין קאפ ניט דערלאנגען א דרעה !
און נעה ! אבער נעה — ווידער נעה !
ביז מיינע געשוואלענע הענד טהוען וועה.
די מערלע, דער זוים און דאס באנד,

די באנד און די מערלע, דער זוים !
איך פאל אויפ׳ן נאז מיט די קנעפלעך אין האנד,
און נעה זיי אן, דאכט זיך מיר, ווי אין טרוים.

„אה, מענשען ! אויב איהר האט א שוועסטער, א ווייב,
א מוטער, ווען אייך האט דאס שיקזאל געגעבען,
זייט וויסען, איהר טראגט ניט קיין וועש אויפ׳ן לייב —
איהר טראגט אויף זיך מענשליכע לעבען !

שטעך — שטעך — שטעך !
אין הונגער, אין שמוץ, פאר דער גאנצער וועלט פרעמד,
נעה איך מיט א דאפעלטען פאדים פאר זיך
תכריכים, פאר אנדערע מענשען א העמד.

# צום ערשטען מאי

פון אברהם רייזען.

דער ווינטער איז פערגאנגען,
דער ליעבער פריהלינג קומט
מיט פויגעלשע געזאנגען,
מיט פעלדער רייך פערבלומט.

דאָך. וואָס ביסטו דערשלאָגען,
דו אָרים ארבייטס-קינד?
וואָס פאר אַ לייד מוז נאָגען
דיין בענקענד הארץ אצינד?

אַ, וועלכע שווארצע גייסטער
פערדונקעלען דיין בליק?
דו — שאפער, הער און מייסטער,
דו — שקלאף פון דער פאבריק!



## פון דער טיעפעניש פון האַרץ

אָרימעס לעבען! נור שטענדיג זיך מאַטערן,
שטענדיג צו לעבען אין נויט;
כחות די פרישע, די בעסטע צופּטר'ן,
זוכענדיג.... טרוקענעם ברויט!

וואָגלען און וואַנדערן! וואו טאָגען ניט נעכטיגען,
נעכטיגען ניט וואו געטאָגט!
הערען דאָס שפּעטען פון בעז־נידערטרעכטיגען,
שווייגען, קיין וואָרט ניט געזאָגט!

בוקען זיך, בויגען זיך נידעריג, נידעריג,
ברעכען דעם קערפּער אויף האַלב;
רעדען תחנונים און וויינענדיג ציטעריג,
קניהען פאַר'ן גאָלדענעם קאַלב!

**א. רייזען.**



פערשנייד, גאָט, די אַלע פאַלשע ליפּען און יעדען גרויסען מויל

וואָס זאָגען: מיר זיינען שטארק, ווער איז הערר איבער אונז?

עס זיינען דערגאַנגען צו מיר די זיפצען פון די נויטבעדערפטיגע, זאָגט גאָט, איך וועל אויפשטעהן און נקמה נעמען פון זייערע אונטערדריקער.

גאָט׳ס ווערטער זיינען לויטערע ווערטער, ווי זילבער, וואָס איז דורכגעלייטערט געוואָרען אין אַ ערדישען טאָפּ און אויסגעפרואווט זיבען מאָל.

דו וועסט דער שומר זיין פון די אָרימע, גאָט, און אָבהיטען זיי פון די שונאים.

מיט אַ געהויבענעם קאָפּ געהען ארום די גאָטלאָזע און די נישטווירדיגע ווערען דערהויבען.

תהלים י״ב.

# אין אונזער הויפעל

פון ז. ליבין.

געבאָרען אין 1872, אין האָרקי, מאָהילעווער גוב. האָט עמיגרירט נאָך אַמעריקע אין 1892. בעלעטריסט און דראַמאַטורג. די ערשטע זאַמלונג פון זיינע ערצעהלונגען איז ערשיענען אין 1902.



יך עפען אויף די פענסטער און קוק אריין אין דאָס שמאָל, שמאָל הויפעל.

א געלבליכע וואנד, דורכגעשניטען מיט פענסטער און פענסטער און פענסטער. ווארף איך מיין בליק אונטען טיף טיף, כאַפּט אָן א שוידער. טהו איך א קוק אין דער הויך, דער־זעה איך א שמאָלען פּאַס הימעל און דאָס הארץ נעהמט וועה טהאָן.

איך הער זיך צו : פערשיעדענע שטימען הערען זיך אין דעם שמאָלען הויפעל. די שטימען טראָגען זיך פון די האַלב־אָפענע פענסטער. דאָס הערט זיך דער טרויעריגער, אונענדליך טרויריגער אָבקלאַנג פון דעם לעבען אין אונזערע מילבען־גריבער.

אַט הער איך פון׳ם העכסטען עטאזש טראָגט זיך א גע־וויין : דאָס בעקלאָגט מען א טויטע. א מיידעלע פון א יאָהר זיעבען איז געשטאָרבען ; דיפטעריע האָט דאָס יונגע נפש׳ל דערשטיקט און עס וויינט די מאַמע ביטער, הערצרייסענד.

א שווער הייזעריג הוסטען דערטראָגט זיך פון׳ם דריטען עטאזש ; שמואל דער הויזען־נעהער הוסט עס, ער איז אין דער לעצטער שטופע פון שווינדזוכט.

— איך האָב דיך אין דער ערד ! — שרייט א ווייבער׳שע שטימע. — איך קען אָהן דיר אויסקומען.

— ווער דאַרף דיך ? — ענטפערט א בייזע טרויעריגע מע־נערישע שטימע — ווער דאַרף דיך ? געה !

— איך וועל בעסער גען דינען, ענטפערט די פרויען־שטימע.

„גען! גען!" שרייט דער מאַן.

עס ווערט שטיל: דער עקספּרעסמאַן שלאָגט זיין יונגע ווייב. זי וויינט און פון דעם געוויין שווינדעלט מיך.

עס הערט זיך אַ שטיל מעלאַנכאָליש זינגען: אַ פרויען־שטימע, נאָך גאָר אַ קינדערישע שטימע.

זי זינגט אַזוי הארצרייסענד, אַזוי טרויעריג, אַזוי זיס:

„באָזשע, טשעם יאַ ווינאַוואַטאַ,

טשטאָ ליובליו אַלפאַנזאַ,

קאַק ראַדנאַוואַ בראַטאַ!"

מיר דוכט, אַז די מעלאַנכאָלישע טרויריגע הארצרייסענדע טענער רעדען אַליין פון זיך, זיי דערצעהלען אַ געשיכטע פון אַ טיעף־פערוואונדעטען הארץ.

נאָך איינער האָט גענומען זינגען:

„און ווען איך הער די גלאָקען קלינגען

צום לעצטען קאַמפף פון בלוט און שמערץ".

דאָס זינגט אַ יונגער מאַן. ניט קיין שלעכטע שטימע, אָבער ער גוואַלדעוועט, אַז איין גאָט מעג זיך מרחם זיין. דאָס זינגט יענער, וואָס וואוינט ביי מנוחה'קען. האָט קיין ארבייט ניט, קלינגט ער אין די גלאָקען.

עס עפענט זיך אַ פענסטער. אַ יונגערמאַן מיט אַ פנים פון אַ שאָטען „דאָלבעט" אויף וואָס די וועלט שטעהט די געשיכטע פון די פעראייניגטע שטאַאטען. אַ הארטע, טרוקענע שטימע. דער יונגערמאַן גרייט זיך צום עקזאַמען. דאָס האָדעוועט זיך ביי אונז אין הויפעל אַ צוקונפטיגער דענטיסט, אפשר אַ נאָנ־צער דאָקטאָר.

שאַ, אַ פאַל, אַ שווידערליכער אויסגעשריי פון אַ פרוי קלינגט אָב איבער'ן גאַנצען הויפעל. דאָס האָט ביי די קאַראַביי־ניק'ס געמוזט אראָבפאַלען דאָס קינד פון טיש, אַ מיידעלע פון אַ

יאהר דריי מיט שוואכע פיסעלעך, זיצט שטענדיג אויפ'ן טיש און פאלט גאנץ אפט ארונטער.

פון א פענסטער פליהט א גרויס פעקעל מיט שמוץ אין הויפעל אריין, נאך א פענסטער עפענט זיך, און עס פליהט נאך א פעקעל מיט שמוץ.

דעם עקספרעסמאן'ס פרוי האט ארויסגערוקט איהר קאפ, זי וויינט שטיל.... אין הויפעל איז ארונטערגעפאלען א טרעהר.

א איטאליענער מיט א שפיעל־קאסטען קומט אין הויף אריין. ער נעהמט שפיעלען, איך הער זיך צו.

אלץ מישט זיך צוזאמען...

מען וויינט, שרייט, הוסט, לאכט און אלץ גיסט זיך צוזאמען אין א כאאס, און איך הער זיך צו צו די אבקלאנגען פון דעם טרויעריגען לעבען ביי אונז אין הויפעל, און וועה, ווי מיין הארץ ווערט צוריסען.



# אַ חלום

## פון ל. האַלפּער.

געבאָרען אין 1888 אין איהומען, מינסקער גוב. עמיגרירט קיין אמעריקא אין 1913. האָט אָנגעהויבען צו שרייבען אין אמע־ריקאַנער צייטונגען אַרום דער זעלבער צייט. געוועזען זיבען יאָהר אויף קאַטאָרגע.

איך האָב געזעהן אין חלום היינט מיין מוטער
מיט אויסגעוויינטע אויגען ;
אין קראָם איז זי געזעסען נעבען גאַניק,
דעם קאָפּ צום ערד געבויגען.

אין שויס געלעגען איז אַ קליינער ברודער מיינער
געזוכט די ברוסט צום זויגען,
און ס'האָט דאָס קינד קיין טראָפּען מילך געפונען, —
די ברוסט איז איינגעצויגען.

עס האָט קינד געוויינט, געוויינט — און ענדליך
איז שטום געבליבען ליגען.
די מוטער האָט געהערט דעם קינד'ס געוויינען,
געזעסען און געשוויגען.

אַ גוי אריינגעקומען איז אין קראָם זיך,
געבעטען ברויט פערקויפען,
ער האָט געמיינט : די מוטער וועט ווי שטענדיג
מיט פרייד אַנטקעגען לויפען.

נור האָט פון אָרט די מוטער ניט גערירהרט זיך,
אזוי ווי זי וואָלט שלאָפען, —
געגעבען נור אויף איהם אַ קוק אַ שטומען,
איז ער אין שרעק אַנטלאָפען.

# אומעטיג

## פון יונה ראָזענפעלד



אנץ פריה הויבט זיך אָן דער ירידאין שטוב. די שוועסטער פערבייטען זיך מיט די קאפּטלעך, אמאָל זוכט איינע א האָר־נאָדעל, די צווייטע — א זאָק, די דריטע — א שוך. לייזער, דער ברודער, זוכט דעם גאַרטעל פון די הויזען, דער פּאָטער — דעם תפילין־זאַק, די מוטער זוכט אַלעמענס. עס ווערט א כאַפּעניש, א געלויפעריי אהער און אהין, און יעדערער וויל פריהער פערכאפּען די קוואָרט צום וואשען. איינער גיסט אויף דעם צווייטען, דער אויפגיסער שרייט: „געגוג שוין!" און דער, וואָס וואשט זיך: נאָך! איך האָב מיך נאָך גאָרנישט געוואשען. "קראָהען ווענלען דיך אויפעסען!" — שרייט דער פּאָטער. „ביסט שוין שעהן!" הערט זיך נאָך א קול. שפּרינגט איינער צו און רייסט אוים די קוואָרט, נעהמט א צווייטער זי ארויסרייסען; דערווייל גיסט זיך דאָס וואסער אויפ'ן דיל; שרייט די מוטער, פּארוואָס מען מאַכט אַ גאָס; שרייט דער פּאָטער אויף דער מוטער, פּארוואָס זי ליארעמט; בעזערט זיך דער זוהן, וואָס זיי זשומען; שרייען די טעכטער: זאָל זיין שטיל! — און דער געשריי ווערט אַלץ שטארקער. איינער וויל ניט פערשווייגען דעם צווייטען. מען ווייזט פייגען, פון פייגען געהט מען איבער צו פּעטש — חאַפּט איינער א בענקעל, א צווייטער — א קישען, א דריטער — די קוואָרט מיט'ן וואסער.

אזוי איז פריהמאָרגען סיי ווינטער, סיי זומער; ענדליך צוגעהען זיך אַלע. אברהם, דער פּאָטער, געהט אוועק מיט'ן ווענגעלע; לאה'צע, די עלטסטע טאָכטער — אין פאבריק; זעלדע, די יונגערע, צום שניידער; לייזער, דער זוהן, צום

טישלער; קריינצע, די קלענסטע, צו דער הוט־מאַכערין. די לעצטע געהט אַרוים ביילע מיט׳ן קווישעל אייער.

ביילע פערשליסט די שטוב, די געלעגערס, וואָס שפּאַרען אַן אין אַלע ווינקלען, בלייבען ניט־פערבעט, און אין קיך שטע־הען די טעפּלעך מיט די טעלער ניט־איבערגעוואַשענע. עס רעדט זיך אפילו יעדען אויף־דער־נאַכט וועגען איבערוואַשען, איינע הייסט דער צווייטער. נור אַלע זאָגען זיך אָב. ביילע שרייט, דאָס זי איז אַן אַלט מענש, זי האָרעוועט מיט׳ן ביטערען שוויים, מעג מען איהר לאָזען צורוה, און פאַר וועמען האָרעוועט זי, אז ניט פאַר זיי. זאָגט זעלדע, אַז זי האָרעוועט מעהר: זיצען און ברעכען דעם רוקען איז אַ סך ערגער, ווי אַרומגעהן מיט׳ן קאָשיק, און פאַר וועמען האָרעוועט זי, אז ניט פאַר דער שטוב. לאה׳צע טענה׳ט: און וואו איז מיין ארבייט? שטעהן אַ גאַנ־צען טאָג אויף די פיס איז ערגער, ווי זיצען! הייסט מען קריינצען איבערוואַשען דאָס געפעס, זאָגט זיך קריינצע אויך אָב; וואָלטען זיי נור געוואוסט, ווי מען טרייבט זי אַרום אַ גאַנצען טאָג, וואָלט מען איהר ניט געהייסען דאָס געפעס וואַ־שען. הכלל, דאָס געפעס בלייבט ניט איבערגעוואַשען.

אָבענד צייט: דאָס הויז געזינד קומט צוריק אריין, מען עסט זיך און באַלד נאָכ׳ן עסען לעגט זיך אברהם שלאָפען, סיי זומער, סיי ווינטער. ביילע זעצט זיך אינמיטען שטוב אויפ׳ן דיל און נעהמט צעהלען און סאָרטירען די אייער. זעלדע געהט ערגעץ אַוועק, זי קומט צוריק, ווען מען שלאָפט שוין און שטעהט אָפט געננוג לאַנג הינטער דער טיר, איידער מען דערהערט איהר קלאַפּען. לאה׳צע געהט אויך אַוועק, חאָטש פאַר׳ן געהן שטעהט זי אַ פערקרימטע און פרעגט זיך: וואוהין געהט מען? לייזער׳ן גלוסט זיך אויך ערגעץ געהן, נור צו וועמען וויים ער ניט. ער קלערט לאַנג און געהט צולעצט אַוועק ניט אָבקלע־רענדיג. קריינצע וואָלט אויך אַוועקגעגאַנגען, נור זי מוז אָבער זיצען איבער׳ן ביכעל. די מאָדיסטין האָט איהר אָנגעזאָגט, זי

זאָל זיך אויסלערנען לעזען, זי זאָל קענען איבערלייענען די רעכנונגען. שרייט די מוטער, זי זאָל אויפהערען צו מעקען, ווייל זי שטערט איהר צעהלען.

— א, בע, ווע, גע, — חזר'ט קריינצע אָהן חשק.

— אין דער ערד אריין! — שרייט די מוטער, זיצענדיג אויפ'ן דיל און צעהלענדיג די אייער. — שוין הונדערט מאָל האָב איך איבערגעצעהלט און זי פערפּלאָנטערט מיר, פערפּלאָנטערט זאָלסט דו ווערען.

קריינצע ווארפט א גלייכגילטיגען פערשלאָפענעם קוק אויף דער מוטער און טהוט איהרס.

— עס זאָל דיר שוין נודען אויפ'ן הארצען, גאָט שטאַרקער! — שרייט ווידער ביילע און לאָזט מיט א מאָל אויס שטיל: אזוי האָסטו איין צעהנדליג, א האלב צעהנדלינג א צוּבראָכענעם. איין צעהנדליג, צוויי... אנדערטהאלבען און אנדערטהאלבען... מען קען זיך ביי איהר גאָרניט דערבעטען.

— א — בע — ווע — גע....

— קריינע!... נו, נו... אנדערטהאלבען און אנדערטהאלבען איז אזוי גרויס, ווי דריי צעהנדלינג... אויף א מינוט ווער פערשטומט! און דאָ צעהן, איז פיער צעהנדלינג... א האלב צעהנדליג בראָך... ווידער האסטו א פערשטונקענעם, אזא יאָהר אויף איהר מיט דער סחורה!

ביילע הויבט זיך אויף מיט א קרעכץ, שטעלט אוועק דאָס קוישיקעל אָן א זייט, קראצט זיך אין קאָפּ און לעגט זיך שלאָפען. אין שטוב ווערט שטיל, נור קריינצע חזר'ט אלץ: א, בע, ווע. זי איז מיעד. די גרויסע אותיות גיסען זיך פאר איהרע אויגען צוזאמען אין שווארצע פאסלעך, זיי נעמען זיך צונויף און פון זיי ווערט איין שווארצע מאסע.

— דע, יע, זשע, — חזר'ט קריינצע שוין מיט פערמאכטע אויגען.

איבער'ן גאנצען טאָג איז דאָס הויז־געזינד ביי דער אר־

בײמ, יעדער — אין אַ בעזונדערער װעלט. אברהם, שטופּענדיג דרויסען זײן װעגעלע, טראַכט אין װינטער, אַז עס איז קאַלט, און מאַלט זיך די היים מיט׳ן װאַרימען געלעגער, מיט דער הייסער זופּ. זומער טראַכט ער, אַז עס איז הייס, און שלעפּענדיג די לאַסט, קלערט ער, װי װײט ער האָט נאָך צו געהן און אַז ער װעט קומען אַהײם, װעט ער זיך אָבװאַשען דאָס פּנים מיט קאַלטע װאַסער. ביילע, אַז זי האָט אַ גוטען טאָג, קװעלט זי און װיל שרײען, עס זאָל גיך װערען נאַכט, זי זאָל אין דער היים דערצעהלען; ברעכט זי זיך אָן די פיס און האָט נאַרניט, טראַכט זי, אַז זי װעט שרײען אַפּילו אין דער היים ניט דערצעהלען און רעדט אױס איהר ביטער האַרץ פאַר אַ צװײ־טער אידענע.

זעלדע חלום׳ט, מען װעט זיך אין איהר פערליעבען (זי איז אַ שעהנע), פּלוצלונג װעט זי אָװעקװאַרפען די אַרבײט און װעט זאָגען: אױס! איהר װעט זײן גוט, און זי װעט זיך דער־מאָנען, װי איהר איז אַמאָל געװען שלעכט, אַז זי האָט פאַר דרײצעהן רובעל אַמאָל געאַרבײט פופצעהן שעה אַ טאָג און זי האָט זיך ניט פערגונען קױפען אַ געבראָטענע עפּעלע בײ שרה׳ן. זי װעט טראָגען אַ גוטע ראָטאָנדע — מיט גרױסקייט װעט זי ׳ערצעהלען, אַז איהר פאָטער איז געװען אַ װעגעלע־שטופּער. זי װעט קאָכען צװײ מאָל אַ טאָג פלייש.

קרײנדעל האָט נור געטראַכט, מען זאָל איהר שיקען ערגעץ אַבטראָגען אַרבײט, זי זאָל חאַפּען אַ פּיאַטאַקעל אױף טהעע. לײזער האָט געקלערט, אַז ער װעט אַמאָל װערען מײסטער, אין דרױסען װעט בײ איהם הענגען אַ שעהנער, גרױסער שילד: לאַזאַר יובעלניק, טישלער. לאה׳צע האָט װעגען דער צוקונפט נאַרניט געטראַכט, זי האָט נור געװאונשען, עס זאָל װאָס גיכער זײן שבת: שבת װעט זי שלאָפען ביז שפּעט! אַ גאַנצע װאָך שלאָפט זי זיך ניט אױס.

און שבת איז טאַקי דער בעסטער טאָג; שבת אין דער

פריה קריגט מען זיך ניט. לאה׳צע איז געלעגען מיט זעלדען ביז שפעט אויף די געלעגערס און דערצעהלט זיך מעשיות. שפעט זיינען זיי אויפגעשטאנען, און איינע האט דער צווייטער געהאָל־פען זיך פארקעמען און אָנטהאָן די קארסעטען. דער ברודער איז שוין לאנג אוועק אין טראקטיר, וואו ער זיצט ביי א גלעזעל טהעע, די מוטער האט אָנגעטהאָן דאס ווייסע טיכעל, דער פאטער — די שבת׳דיגע קאפאטע, קריינצע האט זיך מיט א בלויען בענדעל פערפלאָכטען דאס צעפעל און נאָכ׳ן עסען, אז די עלטערע צוויי טעכטער זיינען אוועקגעגאנגען שפאצירען, האט זיי ביילע בעגלייט ביז נאָך דער טיהר, א שטיק וועג נאָכ־געקוקט זיי און געטראכט: ביידע אונטער איין חופה, און צו־ריק אריינקומענדיג, האט זי מיט א טיפען זיפץ געזאָגט צום אלטען: הערסטו, ביידע מעג מען פיהרען אונטער איין חופה...

אברהם האט אראבגעוואָרפען די גרויסע שטיוועל און האט זיך מיט די בארוויסע בלאָטיג־שווייסיגע פיס אויסגעצויגען אין בעט; ביילע האט זיך געלעגט אנטקעגען אין בעט; ביידע האבען זיך פערקוקט אויפ׳ן סופיט און זיך פערטראכט. פער־טראכטערהייט האבען ביידע, ווי די עופות, צוגעמאכט די אויגען.

נאָכ׳ן שלאף איז זיי שוין עפעס שטארק ניט גוט געווען אויף די הערצער, די שבת׳דיגע פרעהליכקייט איז מיט׳ן שלאף צוזאמען אוועק, אויף די הערצער איז געווען, ווי עס וואָלטען אוועקגעפאָהרען גוטע און רייכע קרובים... עטליכע מינוט ליגען זיי שטיל, נאָכדעם דרעהען זיי זיך אויס מיט די פנימער איינער צום אנדערען, ביידע ווארפען זיך איבער מיט זיפצען, דערנאָך מיט איינציגע ווערטער און די ווערטער ווערען וואָס אמאָל גע־דיכטער — ביידע ריידען מיט אמאָל, ער הערט ניט, וואָס זי רעדט, און זי הערט ניט, וואָס ער רעדט.

אמאָל געהט ביי זיי אזא שמועס:

— ביילע! איך קלעהר דא... הערסטו, ווי דער קבצן...

— די חברה... וואָס מיינסטו וואָס, פערד דו...

— אַ דאָס אַ שטייגער אַ דאָס געלד, וואָס איך גיב אוועק פראַקאַט פאַר׳ן וועגעלע...

— פאַר די דריי קאָפּיקעס, וואָס איך גיב זיי אַלעמען מיט...

— צעהן קאָפּיקעס אַ טאָג, בערעכען. ס׳איז דריי קארבען אַ חודש.

— וואָלט מען געקענט אָבקאָכען אַ טייערע זופּ...

— אין דריי חדשים וואָלט איך געהאַט אַ וועגעלע...

— אַלע זאָלען זופּען.

— נאָך וואָס פאַר אַ וועגעלע...

— אזוי טריקענט מען אַ גאַנצען טאָג.

— מען ווערט פערטריקענט, — כאַפּט אברהם אונטער איהר וואָרט טריקענט.

דער שמועס ווערט איבערגעהאַקט, עס ווערט אַ זיפצעריי מיט אַ קרעכצעריי און אזוי זיפצענדיג חאַפּען זיי אַ קוק איינס אויף דאָס אַנדערע און עס פערגלוסט זיך זיי ווייטער צו רעדען — ריידען האָבען זיי ביידע וואָס, נור זיי איז שווער אַ וואָרט ארויסצורייסען. צולעצט ווערט אַ שמועס וועגען די קינדער.

— מיידעלעך, וואָס דאַרפען קומען צו לייטען, — טענה׳ט ביילע — איך אין דער עלטערערס יאָהרען האָב שוין פון פינף יאָהר חתונה געהאַט און אַ זוהן געהאַט.

אזוי רעדענדיג, דערמאָהנט זי זיך, אז דער זוהן איז צוריק מיט דריי יאָהר געשטאָרבען. אזא יונגער בוים, וואָלט דען ניט גלייכער געווען, איך זאָל ליגען אין דער ערד ? — יאָמערט ביילע. — ווען ער לעבט אָבער, וואָלט איך געזאָרגט ?" מאַמע, האָט ער געזאָגט, איך וועל ניט חתונה האָבען, ביז איך וועל ניט חתונה מאַכען לאה׳צען מיט זעלדען".

אברהם קוקט מיט גלעזערנע אויגען צום סופּיט און דעם ווייבס רייד גיסען זיך איהם אין די אויערען אריין. אויפ׳ן האַרץ ווערט שווער : פאַר זיינע אויגען וואַקסט אוים דער

זוהן. די אלטע מענשען ליגען און שווייגען — און עס שווייגט זיך אזוי לאנג, ביז דער טאג גנב'עט זיך ארויס און די נאכט אריין.

— פינסטער, זאגטביילע.

— פינסטער, — ענטפערט אברהם.

— איך האב נאך קיין מנחה ניט געדאווענט, — זאגט טרויעריג אברהם.

ביידע שטעהען אויף פון די געלעגער, ציהען זיך און גע־נעצען.

— ס'איז מיר עפּעס ניט גוט, — זאגט ביילע.

— מיר אויך.

עס הערט זיך א שטארקער גענעץ.

— גא־אט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב, — הויבט ביי־לע אן מיט א שטיל־טרויעריגער שטימע.

— אשרי יושבי ביתך, — ענטפערט אב אברהם.

— א גוטע וואך ! — זאגט ביילע, אנצינדענדיג דאס לעמפעל.

— א גוטע וואך, א גוט יאהר !

ווייטער שטיל.

— וועסט זיין אין שטוב ? — פרעגט ביילע, אנטהוענדיג די שאל.

— איך וועל ארייננגעהן צום שכן.

— איך געה אריין צו דער שכנה.

ביילע פערלעשט דאס לעמפעל. ביידע געהען ארויס און די שטוב בלייבט לעדיג.

# געשמייכעלט האָט...

## פון יהואָש

געבאָרען אין 1870 איןווערשבאָלאָווא, סובאַלקער גובערניע. האָט
עמיגרירט נאָך אַמעריקע אין 1890. די ערשטע זאַמלונג
פון זיינע ליעדער איז ערשיענען אין 1907.
דיכטער און איבערזעצער.

געשמייכעלט האָט דאָס מיילכעלע,
פון שלאָף געעפענט האַלב,
געלעגען מאַט דאָס קעפּעלע,
ווי ביי אַ קראַנקער שוואַלב....

געהאַלטען האָט זי צוגעדריקט
צום הערצעלע געטריי
די פּופּע מיט די ברוינע האָר,
דעם הונד פון פּאַרצעליי,

און אויסגעשפּרייט איהר רייכטום איז
געלעגען נעבען איהר :
צוויי שפּולכעלעך, דריי בענדעלעך,
פיער קווייטען פון פּאַפּיר.

# קאַלט

## פון א. רייזען.



י צוויי פענסטער מיט די קליינע זעקס שויבען, וואָס קוקען ארוים אין גאַס, זיינען פערפרוירען; אין דעם קליינעם שטיבעלע איז קאַלט און די קעלט איז א דריקענדע. פריידע האָט אַפילו אין דער פריה געהייצט, אָבער דער פראָסט האָט זיך ניט דערשראָקען פאר די עטליכע דינע שייט־לעך האָלץ, וואָס פריידע האָט אויסגעברענט; און אריינלעגען מעהר האָלץ האָט זי ניט געקענט. זי וויים גאַנץ גוט איהר רעכנונג; זי האָט נעכטען פריה איבערגעצעהלט, איז געווען פינף־און־צוואַנציג שייטלעך, האָט זי נעכטען אין דער פריה אריינגעלעגט פינף שייט, דאָס הארץ האָט איהר אזוי וועה גע־טהאָן. היינט פריה, אז דער פראָסט האָט זיך געשטארקט, האָט זי אריינגעלעגט זעקס שייטלעך און צוגעוואָרפען שפּעטער מיט א טיפּען זיפץ נאָך א דין שייטעל. און היינט איז ערשט מיט־וואָך, האָט זי נאָך דאָנערשטאג פריה, פרייטאג אויף חלה באַקען און ביי טאָג אויף טשאָלענט הייצען. גאָט וויים, צי עס וועט אַפילו קארגענדיגערהייט קלעקען. וועגען הייצען אויף דער נאַכט איז נישטאָ וואָס צו רעדען.

און חיים, דער בעל־הבית, וואָלט פאר א ווארעם אויוועלע דאָס חיות אוועקגעגעבען. אמאָל, אז ער איז נאָך יונגער, גע־זינדער געווען און מען האָט נאָך ניט געוואוסט אזוי פון זיין שלים־מזל, האָבען איהם קרובים אריינגעמאַכט צו ר' בערע וואָלפזאָהן אין וואלד פאר א מענשען; און דאַמאָלס פלעגט ער

האָבען וואָרעמקייט, אָבער דאָס איז שוין געווען לאַנג, מיט צעהן יאָהר צוריק... אויף דער שטעלע האָט מען איהם לאַנג ניט גע־האַלטען, דער סוחר האָט אַלץ געטענה'ט, אַז חיים איז צו עהר־ליך — און אַזוי טענה'ענדיג האָט ער איהם אָבגעזאָגט. חיים האָט שוין דעם סוחר מיט דער שטעלע לאַנג פערגעסען, ער האָט שוין עטליכע אַנדערע שטעלען געהאַט און זיי אויך פערגעסען, איצט זיצט ער גאָר אָהן אַ שטעלע און פערגעסט דאָס אויך. דאָס אויוועלע אָבער דאָרט אין וואַלד קען ער ניט פערגעסען, דעם גאַנ־צען קאַלטען ווינטער שטעהט זי איהם פאַר די אויגען : אַ וואַ־רעמע, אַ פרעהליכע שמייכעלט זי, דוכט זיך !

און יעצט, זיצענדיג ביים טישעל און ציטערענדיג פאַר קעלט, מורמעלט ער ניט ווילענדיג אַרויס :

— איצטער האָבען יענע אויוועלע !

פריידע פערדריסט זיין לעדיג־זיצען און זי קרימט איהם איבער :

— יענע אויוועלע, יענע אויוועלע !... וואָלסט בעסער האָ־בען יענע שטעלע, וואָלטען מיר דאָ געהאַט אַ וואַרעם אויוועלע.

חיים מאַכט זיך, ווי ער הערט ניט ; ער גיט נור אַ שטי־לען זיפץ און ענטפערט ניט. ער האָט ניט וואָס צו ענטפערען, זי איז אפשר גערעכט ! באַלד אָבער הויבט ער זיך אויף, רייבט די פערפרוירענע הענד און רעדט אַרויס פעסט מיט בטחון :

— דער פראָסט וועט לאַנג ניט האַלטען ! ער טאָר לאַנג ניט האַלטען ! ער וועט אין גיכען פּלאַצען...

— יאָ, פּלאַצען וועט ער ! — וויל פריידע ניט איינשטי־מען. — ער קען נאָך האַלטען און האַלטען.

אייגענטליך האָפט פריידע אויך, אַז דער פראָסט וועט אין גיכען פּלאַצען, טאָמער אָבער, אַ קשיא אויף אַ מעשה, וועט דער אויבערשטער קיין רחמנות ניט האָבען, וויל זי זיך שוין צו־געוואוינען צום טרויעריגען געדאַנק.

אין שטיבעל ווערט ווידער שטיל ; עס הערט זיך נור דאָס קנאַקען פון פראָסט. חיים קוקט צום קאַלטען אויווען.

— וואו ביסט דו, בערעלע ? — פרעגט דער טאַטע דעם מיזיניקעל.

— איך שטעה ביים אויבען — קלינגט אויס א הייזעריג קינדעריש קול׳כעל.

— ביים אויוועז ? — פרעגט איבער חיים, ווי ער וואַלט זיך בעלעקט. — נו וואָס, עפּעס א וואַרעמער אויוועז ?

— איין שטיקעלע נור, אינמיטען איז וואַרעם...

דער טאַטע הויבט זיך אויף פון טיש, שטעלט זיך אויף און קוקט דורשטיג אין יענער זייט, וואו דער אויוועז שטעהט.

— דיר איז קאַלט, טאַטע ? — פרעגט דאָס קינד. — געה וואַרעם זיך !

— ניין, — פערשעמט זיך דער טאַטע. — איך וויל נור זעהן, צי ס׳איז וואַרעם.

ער מאַכט א שריט נעהנטער, ביז ער געהט צו צום אויוועלע, טאַפּט אָן דאָס שטיקעלע וואַרעמע אָרט און רעדט אַרויס מיט התפּעלות :

— טאַקי וואַרעם, וואָס זאָגט איהר דערצו ? אויב דו ווילסט, מיין זוהן, לאָז דער מאַמען זיך אביסעל אָנוואַרעמען.

— איך בין דיר מוחל ! — ענטפערט פריידע בעז, ווי זי טהוט אַלע מאָל, ווען חיים איז גוט צו איהר. — איך בין דיר מוחל, איך ווער ניט דערפרוירען.

— געה, מאַמע, געה ! — זאָגט בערעלע.

— שטעה, מיין זוהן, שטעה, דיר איז נעביך קאַלט.

חיים געהט אוועק אומעטיג צום טיש און לאָזט אַרויס א טיעפען זיפץ.

# די הקדמה צו „לע מיזעראַבל״

## פון וויקטאָר הוגא.

(1802—1883)

**געניאַלער פראַנצויזישער פאָעט, דראַמאַטורג, דענקער און רעוואָלוציאָנער.**



זוי לאַנג, ווי מנהגים און געזעצען וועלען מיט זייער אומגערעכטיגקייט פערטרייבען מענשען פון געזעלשאַפט, שאַפען א גיהנום התחתון אויף דער ערד און דעם געטליכען מזל פערקני־פען מיט די הענד פון די שטערבליכע, אזוי לאַנג ווי דער מאַן וועט ווערען פערדאַרבען פון דלות, די פרוי דעגראַדירט פון הונגער און די קינדער פערקריפּעלט אין חשך — אזוי לאַנג ווי עס וועלען נאָך הערשען דלות, הונגער און גליק; אזוי לאַנג, ווי אומגערעכטיגקייט וועט נאָך זיין מעג־ליך; אין אנדערע ווערטער, און פון א ברייטערען שטאַנד־פונקט, אזוי לאַנג ווי אונוויסענהייט און עלענד וועט קעניגען אויף דער ערד, וועלען אזוינע ראָמאַנען, ווי מיינע, ברענגען נוצען.

# דער טרעגער

### פון ד. פינסקי.



שה אהרן דער טרעגער געהט ארום א בלייכער איבער'ן טראָטואר און ווארפט אומעטיגע און פרעגענדיגע בליקען אויף יעדען פאַרבייגעהער. ער געהט צו צו קראָמען, שטעלט זיך אָב, קוקט אריין, פרעגט מיט זיין טרויעריגען בליק אויף ארבייט און, ניט בעקומענדיג קיין ענטפער, געהט ער אוועק.

— וואָס גוטס, משה אהרן? — פרעגט איהם א קרעמער, א קיילעכדיגער איד אין א לאַנגער קאַפּאָטע, מיט א סאַמעטע־נעם היטעל און מאַכט דערביי א זויערע מינע.

— אָט, צי איז נישטאָ עפּעס וואָס אָבצוטראָגען?

— מיין בויכוועהטאָג, — קרעכצט דער קרעמער.

משה אהרן געהט וויטער.

— וואָס דארפסטע? — בעגעגענט איהם מיט א רוגזה א קרעמערין, וועלכע האָט געהאַלטען אין רעדען מיט איהר מאַן אויף גאַנץ הויכע טענער.

— אָט גאָרנישט, — שטאַמעלט ער, — עפּעס וואָלט איך אָבגעטראָגען.

— אז מען וועט דיך דארפען, וועט מען דיך געפינען, — שרייט זי און נעהמט זיך ווידער צום מאַן.

משה אהרן געהט צוריק צום עק גאַס, עס שטעהען דאָרט נאָך א סך טרעגער. זיין אונגליקליך געזיכט ווארפט זיך זיי אין די אויגען.

— וואָס איז מיט דיר, משה אהרן? — פרעגט איהם איי־נער.

— דאָס ווייב געהט מסתמא דאָס צעהנטע מאָל צו קינד, — ענטפערט א צווייטער פאַר איהם.

— די דריי מאָל, וואָס זי האָט מפּיל געווען, רעכבענסטו א פּנים גאָרנישט ? — לאַכט א דריטער.

משה אהרן קוקט אויף די פאַרבייגעהער און מאַכט זיך ניט הערענדיג.

— אין דער אמת'ען, וואָס איז מיט דיר, משה אהרן ? — פרעגט איהם איבער דער ערשטער.

— וואָס זאָל זיין ? — זאָגט ער מיט הארץ און קעהרט אום דאָס געזיכט צו די חברים. — וואָס זאָל זיין, אז מען עסט דעם פערטען טאָג נור טרוקען ברויט ? מען פערדינט נישט !

די חברים בלייבען שטיל. קיינעם ווילט זיך שוין נישט גלייכווערטלען, און מען קוקט אריין אין גאַס מיט א שווערען געמיט, עס הערען זיך שווערע זיפצען.

— איך האָב שוין אויף דעם אַנדערען טאָג א גראָשען נישט פערדיענט, — רייסט איינער איבער דאָס שווייגען.

קיינער ענטפערט נישט, מען צוגעהט זיך.

משה אהרן הויבט ווייטער אָן ארומצודרעהען זיך צווישען די קראָמען.

— משה אהרן, משה אהרן ! — רופט איהם א וויילע שפּעטער אַ טרעגער. — געה, ס'איז דאָ א קאַסטען אָבצוטראָ־גען, האָסט כח ?

— ס'וועט זיך געפינען !

א זעקס־פודיגער קאַסטען; ער קען איהם קוים ריהרען פון אָרט. ער שטעהט א וויילע און קלערט, צי זאָל ער איהם נעמען, צי נישט; אין קראָם מיינט מען, אז ער בעקלערט, ווי בעסער אויפצוהויבען די משא.

— שטעל איהם ארויף אויפ'ן גרויסען זאַק, — ווייזט איהם דער משרת אָן אויף א זאַק מיט שטריק.

— קום העלף ארויפשטעלען, — ווענדט ער זיך צום משרת.

— און אליין ? — זאגט דער משרת און געהט פון דעסט־וועגען העלפען.

ביי די ערשטע פאר טריט איז משה אהרן שיעור נישט אומגעפאלען.

— שכור ביסט דו, וואס ? — שרייט מען איהם פון קראם.

— יא ! שיכור ! — ברומט ער אב.

דער טרעגער, וועלכער האט איהם איבערגעגעבען דעם קאס־טען, בעגעגענט איהם און פרעגט :

— שווער ?

— און אז שווער, איז וואס ?

ער קען קוים א טראט מאכען, נור ער שטארקט זיך : ער וועט בעקומען צוואנציג קאפיקעס. עס הויבט איהם אן צו שווינדלען אין די אויגען, דאס בלוט שפארט אין קאפ, דאך ער געהט. ער איז שוין נאהענט צום הויז, אבער דער שווינדעל אין קאפ ווערט שטארקער. עס דוכט זיך איהם, אז עמיץ האט איהם לייכט א שטויס געטהאן אן א זייט, און ער פאלט ער־געץ טיעף, טיעף...

* * *

און ווייל דאס איז געוועזען אין חאלערא צייט, איז פאר־געקומען אין גאס אזא געשפרעך :

— וואס איז דאס פאר א רעדעל ?

— א טרעגער אוועקגעפאלען.

— געשטארבען ?

— וואס דען ?

— פון חאלערא ?

— ווער ווייס !

— אז די קבצנים עסען זיך אן מיט שדים ווייס וואס !

# וועגען אָרימקייט.

## פון דזשאָרדזש גיסינג.

## .1857-1905

א נאָוועליסט פון מיטעל־קלאַס אין ענגלאַנד. זעלטען ווער ס'קען זיך מיט איהם פערגלייכען אין קענען אָבמאָלען די ברודיגע טאָג־טעגליכע רעאַליטעט פון דלות.



ס איז געווען אַ שעהנער טאָג. די זון האָט געשיינט, און אַמי איז מיטגעגאַנגען מיט איהר מאַן אויף זיין נאָכמיטאָגדיגען שפּאַציער.

אַן אָפענער פּאַעטאָן, בעגלייט פון צוויי רייטענדע פריילײנס, האָט זיי אַריבערגעיאָגט און זיי געגעבען אַ טעמע צום ריידען.

— אָה! מיר זיינען אַזוי רייך ווי זיי! זיי זעהען אונז און מיר זעהען זיי, אָבער ווי ווייט מיר זיינען איינע פון די אַנדערע! זיי האָבען זיך זייער וועלט, און מיר, קבצנים, אונזער אייגען וועלט. זיי זעהען אַלץ אין אַנדערע ליכטיגערע פאַרבען, און זיי בעזיצען אַזוינע מורא'דיגע כוחות, וועלכע וואָלטען אויף אונז געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּיס ניט מענשליכעס, אויסערנאַטירליכעס, ווען דער צופאַל וואַרפט זיי אריין אין אונזערע הענד.

— נאַטירליך, — האָט צוגעשטימט אמי מיט אַ זיפץ.

— שטעל זיך פאָר, — האָט ער פאָרטגעזעצט — אַז מען שטעהט אויף יעדען פריהמאָרגען מיט'ן געדאנק, אַז יעדער קאַפּריז און יעדער פערלאַנג, וואָס די פאַנטאַזיע קען ברענגען, איז מעגליך צו פערווירקליכען. און אַזוי יעדען טאָג, יעדען טאָג — דאָס גאַנצע לעבען... קוק אויף דיעזע הייזער, יעדעס פּיצעלע פון אינוועניג און אויסוועניג איז פּראַכטפאָל, ס'איז שוין איינמאָל גוט צו האָבען אַזאַ אויסגעפּוצטע הויז.

— יאַ, אין וועלכע ס'וואָהנען פּוסטע מוחות — האָט אמי בעמערקט.

— אָבער, אמי, — האָט ער געענטפערט, — זעה ווי פול, און ווי ברייט זיי לעבען! זייערע בעגריעפען, זייער מארך... פערשטעהסט, אמי? ווי גרויס ס'זאָלען ניט זיין זייערע פעהיג־קייטען, קענען זיי דאָך געהן מיט יעדען וועג און שטרעבען צו יעדען ציעל. אָפט שטעל איך זיך אוועק און הויב אָן קוקען אויף דיעזע הייזער, און ווייסט? איך הער אויף צו גלויבען, אַז די וואָס וואָהנען דאָרט זיינען אַזעלכע מענשען, אַזעלכע אייג־פאַכע נפשות ווי מיר. די קראַפט פון געלד איז שווער צו בע־געהמען. דער וואס האָט עס קיין מאָל ניט געהאט קען זיך ניט אנוואונדערן אויף ווי ווייט און ביז וועלכע קלייניגקייטען דאָס געלד קען איבעראַנדערשען דאָס לעבען. אָט, פערגלייך אָקאָרשט אונזער זאָגענאַנטע היים מיט די וואָהנונגען פון די רייכע. ס'איז צו לאַכען! צווישען רייכקייט און אָרימקייט איז אַזוי ווייט ווי פון אַ געזונטען נאָרמאַלען מענשען ביז אַ קראַנקען, אַ קאַליקע. ווען מיינע פיס וואָלטען פאַראַליזירט געווען, וואָלט איך נאָך אַלץ געקענט דענקען אַז ס'איז ניטאָ קיין טייערערע זאַך אין לעבען ווי געהן...

ווערט איינער געבאָרען צו זיין אַ קבצן, איז נאָך ניט קשה, אָבער ווען איינער ווערט געבאָרען מיט אַ נייגונג צו אַ בעסער לעבען, דאַן פערשאַפען זיי שמערצען.

און, פערשטעהט זיך, מעהרערע פון די רייכע בעגרייפען גאָר ניט זייער גליק, אַזוי ווי דער געזונטער מענש פערגעסט אָן דעם גליק פון האָבען גאַנצע פיס. ווען די רייכע וואָלטען עס בעגריעפען, וואָלטען זיי געגאַנגען און גערעדט ווי געטער. און זיי זיינען עס כמעט.

אויף אַמי'ס געזיכט האָט זיך אַ וואָלקענדעל פערשפרייט. אַ קלוגער מענש אויף כירדאַנס פּלאַץ וואָלט זיכער איבערגעביעטען די טעמע פון זיין געשפּרעך. אָבער ער איז שוין געווען צו פיעל פערקראָכען אין זיינע געדאַנקען.

— דער אונטערשיעד, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — צווי־שען אַ מענש מיט געלד און אַ מענש אָהן געלד איז זעהר אַן איינ־

פאכער — איינער טראכט: „ווי פערברייננגט מען דאָס לעבען?
דער אַנדערער טראַכט: „ווי שטופּט מען אַריבער דאָס לעבען?"
אַ געלערענטער פיזיאָלאָג וואָלט, אייגענטליך, געדאַרפט ענטדעקען
דעם אונטערשיעד צווישען דעם מאַרך פון אַ פּערזאָן, וואָס האָט
קיין מאָל ניט געהאט קיין דאגות חיונה און דעם מאַרך פון די
וועלכע געהען אוים מיט די קרעפטען פאר אַ שטיקעל טרוקען
ברויט. ס'מוז געוויס עקזיסטירען אַ בעזונדערע ענטוויקלונג
אין דעם מאַרך, אַן ענטוויקלונג וואָס שפּיגעלט אָב דעם שטענ־
דיגען שרעק פון דער אָרימקייט פאר'ן אויפהאַלטען דעם גוף.

— מעגסט דאָס נאָך אַ מאָל זאָגען — האָט אמי בעמערקט.

— דיעזע מורא פאר דאָס שטיקעל ברויט מוז קרענקליך אָנגריי־
פען אַלע פונקציאָנען פון דעם מאַרך. דאָס איז ניט קיין לאָ־
קאַלע קראַנקהייט, אין איין פּונקט, זאָנדערן אַן אַלגעמיינע מכה
וואָס בעפאַרבט אַלע געדאַנקען און אַלע געפיהלען.

— ריכטיג — האָט געענטפערט איהר מאַן. — קען איך
דענקען וועגען אַ פראַגע אָדער אַ געגענשטאַנד אין מיין סביבה
אָהן דעם שמערצליכען בעוואוסטזיין, אַז איך בין אָרים? ניטאָ
קיין פערגניגען וואָס זאָל ניט זיין דורכגעווייקט מיט דיעזען
קרעבץ און ניטאָ קיינע ליידען וועלכע זאָלען ניט מאַכען דיעזען
קרעבץ נאָך אונערטרעגליכער. דער היינטיגער דלות איז אין
פיעלע הינזיכטען געגליכען צו דער שקלאַפעריי פון דאָס אַלטער־
טום: רייכע און אָרימע שטעהען איינע קעגען די אַנדערע ווי
פרייע געגען קנעכט. שקלאַפעריי דעמאָראַליזירט אַ מענשען, —
האָט געזאָגט האָמער, מאַכט איהם פאַר אַ גייסטיגען קריפּעל.
דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען אָרימקייט.

— אָה, דאָס ווייס איך זעהר גוט — האָט אמי בעמערקט,
מיט אַ פערביטערטער אָפּענהערצינקייט. — איך פיהל עס אויף
מיר אַליין.

כירדאן האָט אויף איהר אַ בליק געגעבען. ער האָט געוואָלט
עפּעס ענטפערן, אָבער ער האָט ניט געקענט און אפשר ניט גע־
וואָלט זיינע געדאַנקען אַרויסברייננגען.

# אָרימע מענשען

פון א. רייזען.

אונזער שכל, אונזער חכמה
אונזערע גוטע, קלוגע ווערטער
הערט איהר ניט אין קיין געזעלשאַפט,
קלינגען נים אין הויכע ערטער.

אונזער שעהנקייט, גאָט'ס מתנה,
מערקט נישט קיינער, זעהט נישט קיינער,
ביז עס עסט אונז אויף דער דלות
און מיר בלייבען הויט און ביינער.

און דעריבער, אַז מיר רעדען
לאָזען מיר אַראָב דאָס פּנים,
און די ווערטער שטיל, געוואוינען,
ווי עס פּאַסט פאַר אונז, קבצנים.

און דעריבער, אַז מיר שטאַרבען
מאַכט מען נישט קיין גרויסען ווּעזען,
ווי אַ רויך ווערט גיך פערשוואונדען,
ווי גאָר קיינמאָל נישט געוועזען.

# ווערמען פון זיי

פון ז. ליבין.



ווינטערנאכט. די בלאסע אלמנה איז איינגע־שלאָפען איבער דער ארבייט, ציהענדיג די נאָ־דעל. אָט האָט זי זיך א כאפּ געטהאָן, אויס־געריבען די אויגען און גענומען ווייטער ציהען די נאָדעל. זי קען ניט: עס בויגען זיך ניט די פינגער. דער קאָפּ פאלט אראָב, דאָס הארץ חלש'ט אוועק פון שוואכקייט. זי קען ניט. זי לאָזט ארויס די נאָדעל פון האנד.

אויף א בעטעל, נעבען דעם טיש, שלאָפען איהרע קינדער: דריי בלאַסע, שוואכע יתומים פון א פערשטאָרבענעם סיגארע־מענמאכער ליגען פערטרונקען אין שמאטעס, צוגעטוליעט איינער צום אנדערען. עס זעהען זיך נור ארויס דריי בלאסע געזיכטעלעך, וועלכע דערמאָנען מעהר אָן טויטע איידער לעבע־דיגע נפש'לעך.

די מוטער לאָזט אָב די ארבייט. זי טהוט א קוק אין אוי־בען, און ווען זי דערזעהט, אז דאָס פייער איז אויסגעגאנגען, טהוט זי א שווערען טיעפען זיפץ, געהט צו צום בעטעל און דעקט בעסער איין איהרע קינדער.

עס איז שוין שפּעט אין דער נאכט, נור זי לעגט זיך ניט שלאָפען, מיט א טרויעריגען, מוטערליך־שמערצליכען בליק אויף איהרע קינדער בלייבט זי שטעהן שווער פערטראכט.

דרויסען איז שטורעמדיג. דער ווינד פערגיסט זיך מיט א בענומענעם וויינען. עס דוכט זיך, אז טויזענדער שדים און רוחות בעקלאָגען א פערשטאָרבענעם מחבל, א רעגען קלאפּט אין די שויבען און איבער'ן בלעך פון דאך. די גאנצע חורבה ציי־

טערט, און עס שיינט, אַז אַט אָט באַלד פאַלט זי איין און בע־גראָבט אונטער זיך די אַלע אביונים, וועלכע מאַטערען זיך צווי־שען איהרע פינסטערע, שמוציגע ווענד.

וואָס טראַכט די אַלמנה ? מיט איהרע פערדינסטען קען זי איהרע דריי קינדערלעך ניט ערנעהרען ; דער הונגער־טויט רייסט זיך צו איהר אין טיר. זי קען מיט איהרע שוואַכע כחות ניט פעריאָגען איהם. צוויי קינדער וועט זי מוזען אָבגעבען אין אַ יתומים־הויז, איינס וועט זי זיך איבערלאָזען. מיט איין קינד וועט זי אפשר ווי עס איז דורכקומען מיט איהרע אָרימע פער־דיענסטען... זי מוז דאָס טהאָן און וואָס שנעלער... אַז ניט וועט זי פון די כחות פאַלען. זי אַרבייט אַריבער איהרע כחות... זי וועט עס ניט אויסהאַלטען... און די מוטער שטעהט און טראַכט, וועמען פון די דריי זאָל זי זיך איבערלאָזען און וועמען אָבגעבען...

זי קוקט אויף איהרע קינדער. איהר האַרץ ווערט צוריסען פון אַ טיפען, טיפען וועהטאָג און זי קען ז י ך נ י ט ענטשליסען...

איהרע בליקען פליהען פון איין קינד צום צווייטען ; זי האָט זיי אַלעמען גלייך ליעב, איהר האַרץ צוגעהט פון רחמנות, זי וויים ניט, וועמען זי זאָל פון זיך אָוועקרייסען. זי קוקט אויף די שלאָפענדע קינדער און איהרע זודיגע מוטערשע טרעהרען פאַנגען אָן לאַנגזאַם אַרונטערצופאַלען אויף זייערע בלאַסע גע־זיכטער.

די קינדער ווייסען שוין, אַז צוויי פון זיי וועט מען צור־שיידען מיט דער מאַמען : זיי האָבען אונטערגעהערט דעם גע־שפּרעך, וועלכען די מוטער האָט געהאַט מיט אייניגע קרובים. און די קינדער בעטען זיך ביי איהר, זי זאָל זיי ניט אָבגעבען. זיי קוקען אויף איהר מיט צושראָקענע אויגעלעך, קושען זי, האַל־זען זי און יעדעס קינד בעט פאַר זיך.

— מאַמע, מיך זאָלסט דו ניט אָוועקגעבען.

— מאַמע, איך וועל ביי דיר בלייבען.

— מאַמע, איך...

— מאַמע, איך...

רייזעלע זאָגט צו, אַז זי וועט ניט בעטען עסען, בערעלע וועט זיין אַ גוטער און קיינמאָל ניט טהאָן קיין שטיף, אַבי די מאַמע זאָל איהם נור ניט אָבגעבען אין יתומים־הויז. און סעמקע וויינט און כאַפּט אָרום דער מאַמע׳ס האַלז.

וועמען איבערלאָזען ?

זי טראַכט און טראַכט און דאָס הארץ שטאַרבט אוועק פון וועהטאָג.

„מאַמא !" האָט אַ קינד אַ זאָג געטהאָן פון שלאָף, דער מוטער האָט אַ ריס געטהאָן אין הארצען און זי האָט זיך צו־וויינט... און דער ווינד וויינט און וויינט, און דער רעגען שמייסט אין די שויבען.



## געבונדען

### פון האָריים גרילי.

(1811—1872)

בעוואוסטער אַמעריקאַנער פּובליציסט און רעדאַקטאָר.

מאָראַל און רעליגיאָן זיינען ניט מעהר ווי ווערטער פאר דעם, וועלכער מוז אויפקלייבען אין מיסט־קאַסטענס וואָס צו עסען און וועלכער מוז זיך בעהאַלטען אויפ׳ן גאַס הינטער בערג פון שנעע און פראָסט אין אַ ווינטער נאַכט.

# צו א באָרוועסע מיידעלע

פון מ. ראָזענפעלד.

עס האָט אי געשנעעט, אי גערעגענט,
און געהענדיג שנעל דורכ'ן גאַס,
א מיידעלע האָב איך בעגעגענט,
האלב נאַקעט און באָרוועס און נאַס.

זי האָט מיט די נאַקעטע פיסלעך
געפּאַטשט דעם פערגאָסענעם ברוק,
און עפּעס אזוי ווי פערדריסליך
געשיינט האָט איהר קינדערשער קוק.

קליין מיידעלע, זאָג מיר, װאו געהסטו,
אין רעגען, אין שנעע און אין קעלט?
א, זאָג מיר, מיין קינד, צו פערשטעהסטו
ווי איבעריג דו ביסט דער וועלט?

דער וועלט, וועלכע לאָזט דיר דאָ זוכען
א לעבען אין עלענד און לייד,
און וויל דיינע פיס ניט בעשוכען,
ניט האלטען דיין גוף אין א קלייד?

# צווישען די קאַלטע ווענד

פון י. ד. בערקאָוויטש.

געבאָרען אין 1885, אין סלוצק, מינסקער גוב. האָט אָבגעדרוקט זיין ערשטע ערצעהלונג אין העברעאיש אין 1903. אַ זאַמלונג פון זיינע אידישע ערצעהלונגען איז ערשיענען אין 1910. רעדאַקטאָר פון העברעאישען וואָכענבלאַט „התרן“.



ער ווינטער האָט זיך געצויגען שווער און לאַנג. פון דרויסען איז דאָס אַלטע שטיבעל געווען איינגאַנצען פערשאָטען מיט שנעע, אינווענינ האָבען געפרירט קליינע באָרוויסע קינדער; אינ׳ם שטיבעל איז געהאַנגען אַ קאַלטער, פער־פראָרענער טרויער. נאָר ביי נאַכט, אין דער טיפער שטילקייט פון שלאָף, ווערט דאָס שטיבעל עטוואָס בע־לויכטען מיט אַ קאַלטען, ווייסען גלאַנץ. דעמאָלט עפענט מיכל מיט אַמאָל די אויגען און הויבט זיך אויף פון זיין הארטען געלעגער; ער זעצט זיך אנידער, נעמט ארום די פערגליווערטע קניה מיט זיינע דארע, אָבגעשוואַכטע, אויסגעקרענקטע אָרעמס, בויגט אָן דעם אויסגעוועהטאָגטען קאָפּ, גלאָצט אוים די אויגען.

אין דרויסען, הינטער׳ן שטיבעל, שטעהט ביי מיכל׳ען, אין אַ צובראָכען שטעלכעל, אַ שווארצע, הונגעריגע ציג. די עלענדע פערפראָרענע ציג שטויסט שטיל מיט די הערנער אָן די דינע ווענדטלעך, מעקעט שטום, פערצווייפעלט. די דינע ווענדט־לעך קנאַקען אונטער. ביי מיכל׳ען ווייגט עפּעס אין הארצען אי אויף זיך, אי אויף דער ציג.

הינטער דעם אויוועז, ביי דער קאַלטער, פייכטער וואַנד, שטעהען אַ פּאָר צובראָכענע בעטען, פערוואָרפענע מיט איבער־געפוילטע שטרוי, מיט צוריסענע קאָלדרען; אין די בעטען באָב־

רעט זיך טאָג און נאַכט דאָס קליינוואַרג — אָבגעריסענע, נאַ־קעטע נפשות׳לעך, מיט געקרויזטע קעפּלעך, מיט הונגעריגע דורכגעטריבענע אויגעלעך; עס מישען זיך צונויף הענדלעך מיט פיסלעך, מען שלעפּט איינס ביים אַנדערען די קאָלדרען, מען קנייפּט זיך; אָפט בעווייזט מען קאָמעדיאַנטען־שטיק. און אָט קומען אָן די עלטערע, די בחורים, עס פליהען פייעריגע פּעטש, דאָס אומגליק וואַקסט און דאָס קליינע שטיבעל ווערט פלוצלונג פערהילכט מיט א הויכער יללה. אין פינף מינוטען ארום ווערט שוין ווידער ש[טיל און טרויעריג און פינסטער אינ׳ם שטיבעל.

* * *

איינמאָל, אין א פינסטערען בעגינען, ווען אין דרויסען האָט א שטורמווינד געריסען דאָס דאַך פון שטיבעל און געשאָטען מיט שנעע אין די פענסטער, האָט זיך איינס פון די קינדער געפעהלט. דאָס איז געווען מאַטעלע, דאָס קלענסטע, א זוינ־קינד פון דריי פירטעל יאָהר, א נפש׳ל א שטילס, א שוואַכס, א מאָגערס, אין ווינקעלע פלעגט ער פּיפּסען מיט א שוואַך, דין קול׳כעל.

א שכנה אין א וואַרימען פּאַטשייל איז אריינגעקומען מיט איינעם א הויכען, פּרעמדען אידען, מיט א גרויסען קאָלנער און פערפּראָרענער באָרד. דער איד האָט געהאַלטען אונטער דער האַנד עפּעס א קאַשיק, אויף קיינעם ניט געקוקט און גלייך א פרעג געטהאָן, קאַלט און גראָב:

— נו, וואו איז דאָס?

ער האָט פערנומען דאָס קליינע קערפּערעל צו זיך אין קאַשעק אריין, עפּעס א ברום טהוענדיג: נאַך גאָר א פּיצעל. די מאַמע האָט זיך צוחליפּעט און איז תיכף אַנטשווינען געוואָרען.

בייטאָג איז אין שטיבעל געווען טויט־שטיל. אויף די שויבען איז אָנגעוואַקסען א געדיכטער פינסטערער פּראָסט. די

קליינע, געקרויזטע קעפּלעך האָבען שטיל און פערוואונדערט אַרויסגעקוקט פון אונטער די שמאַטעס, נאָר די מאַמע, וואָס איז געזעסען אויף דער ערד, אויף אַ הילצען קלעצעל, האָט אָפּט געשנייצט אין פאַרטוך די רויטע אָנגעשוואָלענע קאָפּ. אַז מען האָט אָנגעצונדען דאָס קליינע פערדרויכערטע לעמפּעל, האָט מיכל לאַנגזאַם זיך אַרויסגעגליטשט פון אויוועז אין איינע תחתונים און איז געבליבען שטעהן אינמיטען שטיבעל אַ צו־טראָגענער, אַ ווילדער, מיט אַ צוחראַסטעטען, צושויבערטען קאָפּ. ער האָט גענומען שפּרייזען איבער׳ן שטיבעל אַ באָרוויסער הין און צוריק; צוקומענדיג צום לעדיגען ווינקעל, האָט ער איינ־געבויגען דעם קאָפּ און אַריינגעקוקט אינוועניג. דערנאָך האָט ער זיך אומגעקעהרט צום טיש, געקוקט אַ ווײַלע אויפ׳ן ווייב מיט אַ פּאָר גלעזערנע, אָבגעקיהלטע אויגען, אַ זיפץ געטהאָן, אויסגעשטרעקט אַ האנד און אָבגעבראָכען אַ שטיק פון דער קעז, אַרויפגעדראַפּעט זיך צוריק אויפ׳ן אויוועז, און אַז דער קעז איז צוגאַנגען אין מויל, האָט מיכל אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ אין שטיבעל אַריין און צוברומט זיך:

— הער, דו, פאַרהאָן עפּעס געבאַקטע קאַרטאָפּלען, צי ניין?

* * *

אינמיטען ווינטער איז אונטען אין שטיבעל עפּעס פּאַרגע־קומען מיט זלאַטקע׳ן. זי איז געווען אַ קליין־וואוקסיגע, שוואַרץ־חנ׳עוודיגע מיידעל מיט אַ געדיכטען, שוואַרצען צאָפּ און שוואַרצע לויפענדיגע אויגען. זי האָט געאַרבייט ביי אַ הוט־מאַכערין און האָט שטענדיג, סיי זומער און סיי ווינטער, געטראָגען אַ שנעע־ווייס קאָפּטעל בענעהט מיט שפּיצלעך. אין שטיבעל פלעגט דאָס שנעע־ווייס קאָפּטעל דערוועקען געדאַנקען וועגען אַ גליקליכער, ווייטער, קלאָרער, זויבערער וועלט.

עס האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז זלאַטקע איז געקומען אויף דער נאַכט אַהיים און אויף מאָרגען איז זי שוין מעהר נישט געגאַנגען צו דער אַרבייט; זי האָט זיך פערקליבען צום

פענסטעריל, אָנגעטהאָן אין איהר וואָרעם בגד'על און געזעסען דאָרט אַ קליינינקע, אַ דערשלאָגענע, אַ שווייגענדיגע, מיט אַ שטילען געהיימניס אין די אויגען. נאָר אַז מען האָט איהר שטאַרק דערעסען מיט ווערטער, האָט זי זיך פּלוצלונג אַנידער־געשטעלט, די קליינע פיגור האָט זיך אויסגעגלייכט, די באַקען האָבען זיך צופלאַמט, די שוואַרצע אויגען האָבען געגליהט, זי האָט געטופּעט מיט די פיס, געקלאַפּט מיט'ן פויסט איבער'ן טיש און געשריען, אַז איהר איז שוין אַלץ מיאוס געוואָרען, נמאס דאָס לעבען מיט דער אָרימקייט, נמאס דאָס קליין פינסטער שטי־בעל מיט דעם קאַלטען, שמוציגען געלעגער. זלאַטקע האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר געהיצט, געשווינד אַרומגעגאַנגען אי־בער'ן שטיבעל, געמאַכט מיט די הענד, געקוקט אינ'ם שפּיגעלע מיט'ן שפּאַלט אינמיטען, געקוקט און געהאַפּט זיך ביים קאָפּ. וואוהין זאָל זי לויפען?

זלאַטקע האָט ניט געקענט זיצען מעהר אין דער ענגער שטיבעל. זי איז אומגעגאַנגען אין גאַס, אין פרעמדע הייזער אריין, צו דעם פּערפּראָרענעם טייך אויפ'ן גליטש. אבענד־צייט פלעגען די עלטערע ברידער, קומענדיג פון דער ארבייט, ברענגען זי צופיהרען מיט געוואַלד — אַ צופלאַמטע, אַ צו־טראָגענע, דאָס אויבער־בגד'ל צושפּילעט, די געקרויזטע האָר צוואָוואָרפען אויפ'ן שטערען. זי האָט זיך געריסען פון די ברידער, געמאַכט מיט די הענד און הויך געלאַכט.

— משוגעים, איהר הערט? איך בין אַ פרעמדע, וואוהין שלעפּט איהר מיך? איהר ווייסט, וואו איך בין געבאָרען צו זיצען?

די אָנגעהאָרעוועטע ברידער האָבען זיך צוגעהאַפּט ווי אויסגעהונגערטע וועלף צום מיטאָג — דעם שוואַרצען קרופּניק מיט ברויט; זלאַטקע פלעגט אַרומגעהן איבער'ן שטיבעל אינ'ם צושפּילעטען בגד'ל, הויבען גדלות'דיג מיט די אַקסלען, מאַכען מיט די הענד און אריינקוקען מינוטענלאַנג אינ'ם שפּיגעלע.

איינמאָל איז זלאַטקע געשטאַנען ביים פענסטער. אין

דרויסען איז געווען ליכטיג און שטיל. עס איז אַראָבגעגאַנגען אַ כשוף פון הימעל און זיך געלעגט אויף דער שטילער ווייסער וועלט; דער שנעע האָט געבליצט; אינ'ם ווייסען גאָרטען אַנט־קעגען האָבען זיך אויסגעלעגט געדיכטע, גרויע שאָטענס פון דעכער און פאַרקאַנען. מיט אַמאָל איז זלאַטקע'ן אַלץ קלאָר געוואָרען: זי איז אָבגעשפּרונגען פון פענסטער, אַ ריס געטהאָן די טיר און אַרויסגעלאָפען אין גאַס. אין די אַרומיגע פעלדער האָט זיך צוגאָסען זלאַטקע'ס הילכיג קול. מען האָט זי געחאַפּט, געשלעפּט איבער'ן שנעע און געשלאָגען. זי האָט זיך אויס־געצויגען אויף דער ערד, געריסען פון זיך די האָר, געוויינט, גע־ריסען די קליידער. בחורים און אינגלעך האָבען זיך פערקוקט אויף איהרע אָפּגעריסענע קליידער און ווייסע וועש. דער אינ־גערער ברודער, נאָך גאָר אַ קינד, האָט זיך אָנגעבויגען צו זלאַט־קע'ן און געזאָגט איהר אין אויער:

— שטעה אויף גיכער! איך וועל דיך דערווערגען...

נאָר געזאָגט האָט ער עס פון פערצווייפלונג, און איז באַלד אָבגעגאַנגען צום וואַנד און זיך צואַוויינט הויך אויפ'ן קול.

אַ גאַנצע נאַכט איז די מוטער אַ דערשראָקענע געזעסען ביי זלאַטקע'ן צוקאָפּענס, געטאַפּט איהר דעם הייסען שטערן, עפּעס אַלץ געוואָלט איהר איינשטילען, נור זי האָט ניט געקענט צוטראַכטען דערצו די נויטיגע ווערטער. דער אינגסטער ברו־דער'ל האָט זיך אַלץ ניט געקענט בערוהיגען, וואָס ער האָט גע־וויינט פאַר אַלעמען אויף דער גאַס. ער איז געלעגען אָנגע־שפּאַרט אויפ'ן עלענבויגען און אַלץ געטראַכט, ווי אַזוי ער וועט עלטער ווערען און אָברעכענען זיך מיט די שלעכטע מענשען.

אויף מאָרגען פריה זיינען צוויי אידען צוגעפאָהרען צום שטיבעל אויף אַ פוהר, מען האָט זלאַטקע'ן אַרויסגעטראָגען אויף די הענד און זי אַוועקגעפיהרט אין שטאָדט.

אין אַ חודש אַרום איז זי געקומען אַהיים צופוס. זי איז שוין געווען רוהיג. זי איז אומגעגאַנגען איבער'ן שטיבעל פאַ־מעליך, אַ שטילע ווי אַ שאָטען, אַ בלייכע, מיט איינגעפאַלענע

באקען, מיט עפעס א טיכעל אויפ'ן קאפ, פון וועלכען עס האט ארויסגעקוקט א דין, אויסגעקראכען צעפעל; אין די אויגען האט זיך ביי איהר עפעס אויסגעלאשען. געטראגען האט זי נאך אלץ דאס ווייסע קאפטעל, נאר איצט האט עס אויסגעזעהען, ווי פערוועלקטע בלעטלעך פון א פערוועלקטען בלימעל. גלייכגילטיג און שווייגענדיג איז זי געזעסען ביים טיש, אנקוקענדיג ווי די מאמע פליקט פעדערען.

* * *

די קליינע, פערפראָרענע פענסטערלאך האבען אנגעהויבען אבגעהן. די טעג זיינען געשטאנען שטילע, ווי אין חלום. אין דער שטילקייט זיינען אפט דורכגעפליגען קראהען, עפעס ווי אויסשרייענדיג, אז עס קומט אן פריהלינג. מיכל איז געלעגען, גע'חלומ'ט מיט אפענע אויגען. פלוצלונג האט ער זיך אויפגעזעצט, געאכצעט, געקרעכצט און גענומען ציהען אויף די פיס א פאר פערטריקענטע פאראיאהריגע שטיוועל.

די קליינע האבען זיך געשטעלט אויף דער שוועל און געקוקט אויפ'ן פאטער פערוואונדערט.

— דאס געהט ער זיך שלאגען...

— ברעכען שויבען.

— ער איז א געזונדער, פאר איהם האבען אלע מורא!

— א געזונדער, און זאגט נאך, אז ער שטארבט.

— דאס וויל ער, מען זאל איהם געבען מילך...

מיכל איז צוגעגאנגען, שאקלענדיג זיך, צו דער טיר און ארויסגעקוקט מיט טריבע, פערבלענדטע אויגען אין גאס אריין.

— אך, אך, טאטע זיסער! עס געהט שוין צו זומער... — האט ער געזיפצט און געקוקט אראב אויף דער ערד.

* * *

די וועלט האט זיך צושפרייט ברייט און ליכטיג, נאר אינווייניג אין הארצען האט גענאגט עפעס, וואס האט קיין נאמען נישט. מיכל האט זיך פערקליבען אמאל ווייט, אויסער דער שטאדט. איבערגעהענדיג די בריק, האט ער פלוצלונג דער־

זעהן זלאַטקע'ן, ווי זי איז געשטאַנען איינע אַליין אין איהר לייכט קאָפּטעלע, אַ קליינינקע, אַ פערטראַכטע, ווי אַ קינד, מיט אויגען פערריסענע ווייט־ווייט אויף די שטילע, שטראַהלענדיגע פעלדער. ער איז פאַרבייגעגאַנגען שטיל, ווי אַ פרעמדער, נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך אָבגעשטעלט, אַ מאַך געטהאָן צו דער טאַכטער האסטיג מיט דער האַנד און זיך צושריען:

— הולטייקע, אהיים געה!

מיכל איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג. עס האָבען זיך געצויגען גערטנער, מיט הויכע פּאַרקאַנען, אַרויסגעקוקט הוילע ביימער מיט טרוקענע צווייגען; געפינקעלט האָבען אויף דער זון נייע שטרויענע גאָלדפאַרביגע דעכער פון ליים.

חברה מארק־לייט האָבען בעגעגענט מיכל'ען זעהר אויפגעלעגט.

— אָה, מיכל! ברוך הבא! אַ גאַסט, אַ גאַסט!

אנטקעגען דעם אַלטען מיכל'ן איז אַרויסגעשפּרונגען אַ בחור מיט אַ רויט פּנים און קליינע, לויפּעדיגע אויגעלעך. מיכל איז געוואָרען צומישט; די מארק־לייט האָבען זיך הילכיג צולאַכט.

— וואָס לאַכט איהר פון מיר?!

— ווער לאַכט? — האָט זיך צורעדט דער רויטער בחור — אדרבא, דאָס פרעהען מיר זיך! אזא גאַסט! וואָס הערט זיך עפּעס נייעס? ווי איז אייך געגאַנגען אויפ'ן אויוועז?

מיכל האָט געעפענט דאָס מויל, געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר די צונג האָט איהם נישט געדיענט. דאָס בחור'ל מיט די קליינע אויגעלעך איז געווען העכסט גליקליך.

— זאָגט, ר' מיכל, מיר זיינען דאָך אייגענע מענשען, וואָס הערט זיך ביי אייך עפּעס מכח...? איך מיין, מיר וועלען ביי אייך טאַקי האָבען אינגיכען אַ ברית'ל, אַ דאָס, אַ יענע?...

מיכל האָט געקוקט מיט שטאַרע אויגען אויף די לייט, וואָס האָבען געקייכט פאַר געלעכטער. פאַר די אויגען האָט איהם געשווינדעלט:

— ביי מיר איז היינטיגען ווינטער איינס געשטאָרבען,— האָט ער טעמפּ אַרויסגערעדט.

מיכל האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, זיך געלאָזט געהן אין פעלד אַריין, געשלעפּט די אָבגעשוואַכטע פיס איבער דער פייכטער, שווארצער ערד. פון שוואַכקייט האָבען זיך איהם געשטעלט טרערען אין די אויגען און עס האָט איהם גע־צויגען אַראָבלאָזען זיך אויף דר'ערד. מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ קעהר געטהאָן מיט'ן פּנים צו די מאַרק־לייט, אָנגעשטעלט די פויסטען און צושריען זיך:

— גזלנים! רוצחים! וואַרט, עס וועט זיך גיסען בלוט אין די גאַסען! ב־ל־ו־ט!



# הערשעלע שיידט זיך מיט'ן טאַטען

פון ש. י. אַבראַמאָוויטש.

(מענדעלי מוכר ספרים)

געבאָרען אין 1835, אין קאַפּוליע, מינסקער גוב. זיין ערשט ווערק אין העברעאיש איז ערשינען אין 1857; אין אידיש — אין 1863. פאָטער פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור.



ערשעלע'ס טאַטע לייזער יאַנקיל איז ענדליך ארוים פונ'ם בקור־חולים; עס האָט געריסען דאָס הארץ קוקענדיג אויף איהם; אַזוי בלייך און טויט איז זיין פּנים געוועז. ער איז אַ שווערע קראַנק אויס־געשטאַנען, כמעט ניט געוועזן צו דערקענען איהם, אַזוי איז ער פונ'ם לייב אַראָב, נאָר הויט און ביינער.

קיינמאָל אין זיין לעבען האָט הערשעלע אַזוי נישט ליעב געהאַט דעם טאַטען, ווי דענסטמאָל, און קיינמאָל אין זיין לע־בען האָט דער טאַטע אַזוי גוט, ליעבהארציג ניט געקוקט, ווי אין יענער צייט.

ר' אברהם האָט אָוועקגענומען דעם טאַטען אין אַ ווינקעל פון שוהל און האָט מיט איהם וועגען עפּעס אַ היבשע צייט געשמועסט. באַלד נאָכדעם האָט מען צוגערופען אַהין אויך הערשעלען און דער טאַטע האָט זיך געווענדט צו איהם מיט די ווערטער.

— מיר שמועסען דאָ מיט ר' אברהם'ן, אַז אויב דו ווילסט, הערשעלע, מעגסט דו דיר האָ בלייבען.

הערשעלע האט זיך צוּוויינט, געקוקט אויפ׳ן טאַטען מיט גרויס ליעבשאפט און מעהר ניט אימשטאנד געוועזען ארויסצו־ברענגען א ווארט, אזוי האט עס איהם פערקלעמט ביים הארצען, און אז דער טאַטע איז מיט א געבעט צוגעשטאנען צו איהם, ער זאל ריידען ריינע ווערטער, האט ער געענטפערט גאנץ קורץ:

— ניין! אהן דיר, טאַטע, קען איך נישט זיין...

— אך, הערשעלע! — מאכט דער טאַטע מיט א זיפץ טיעף פון׳ם הארצען. — נישט אייביג, נארעלע, איז א קינד נעבען א טאַטען. וואס קען מען טהאן? איך פיהל, אז די כחות געהען מיר ביסלעכווייז אויס. ווייז נישט, הערשעלע, וואס קען מען טהאן? פריהער אדער שפּעטער מוז מען זיך שיידען.

— טאַטע, איך וויל אהיים! — וויינט מיט א געבעט הער־שעלע.

— אהיים! האניג וועסטו דארט לעקען אין דער היים...

— זיפצט דער טאַטע.

— זיי נישט קיין עקשן, פע! — הויבט אן מיט גוטען ר׳ אברהם. — אהן דיר איז אויך דא גענוג אין דער היים. דער טאַטע — דו זעהסט נישט? — האט מעהר קיין כח ניט צו ארבייטען, פונ׳ם ביסעל געלד, וועלכען ער האט דא פער־דיענט, איז וועניג געבליבען, א קרענק קאסט. עס געהט א לאנגער ווינטער, א רחמנות נעבעך אויף די איבעריגע קינדער. דו אליין וועסט דארבען און זיי נאך שאדען, דעם לעצטען בי־סען, מישטיינס געזאגט, זיי פונ׳ם מויל ארויסרייסען.

— דאנק ר׳ אברהם׳ן, זאגט דער טאַטע, דאנק זיי פאר זייער גוטסקייט צו זארגען זיך דא פאר דיר און האבען אויף דיר השגחה.

לייזער יאנקעל האט זיך אנגעטהאן זיינע וועג־קליידער און אויפ׳ן קאפ אנגערוקט דאס מיצעל און האט זיך געלאזט לוי־פען צום וואגען; הערשעלע, מיט א פעקעל, נאך איהם.

דער בעל־עגלה הויבט־אָן אונטערטרייבען דעם עולם: היי־דא, פּאָהרען! די פארשווינגען שטופּען זיך אין איילעניש ארוים אויף דער גאַס צו פערחאַפּען געשווינד ערטער אין דעם וואָגען, ס'איז אַ שטופּעניש, אַ קוועטשעניש, אַן ענגשאַפט. לייזער יאַנקעל זעצט זיך ווי ס'איז אויף אַ שפּיץ קלימעקעל אין איינע צרות און נעהמט אַן פאַר ליעב איטליכען שטופּ, וואָס ער בע־קומט אין די זייטען, ער געזעגענט זיך מיט הערשעלע'ן אויף אַ וויינענדיג־ציטערדיג קול.

הערשעלע קוקט דאָס לעצטע מאָל גוט אריין אין דעם טאַ־טענס בלייכען פּנים און בעוואַשט זיך מיט בלוטיגע טרערען, נישט אימשטאַנד זייענדיג ארויסצוברענגען עפּעס אַ וואָרט. ער האָט פון גרוים וועהטאָג אפילו נים בעמערקט, ווי דער וואָ־גען האָט זיך געריהרט פון'ם אָרט.

— הא, וואָס איז דאָ צו וויינען! — מאַכט רייזע, די בעל הבית'טע פון דער אַכסניה צו הערשעלען אויף דער גאַס, נאָכדעם ווי דער וואָגען איז שוין פערשוואונדען. נו, און אז אַ טאַטע פאָהרט אוועק, הער אביסעל, נו איז וואָס? חלילה, נישט געשטאָרבען. נאַ בעסער, — נעמט זי און שטופּט איהם אריין אין דער האַנד אַן אַלט לייבעל, — נעהם און טראָג געזונד־טערהייט, נישט געוויינט, קום, ווילסטו אפשר עסען?

— ניין! — ענטפּערט הערשעלע.

— נאַ דיר ניין! — רופט זיך רייזע אָב. — הער אביסעל, מען זאָל זאָגען ניין! פאַר וואָס איז עסען ניין? געדענק אָבער, טאָמער וועסטו װעלען עסען, קום צו מיר!

## איבער וועגען...

### פון לייוויק האַלפּער.

איבער וועגען לאַנג שוין אַבגעזומערטע.
אונטער הימלען גרויע שוין פערקומערטע,
געהען מענשען מידע, איינגעבויגענע,
פרויען קראַנקע, קינדער ניט געזויגענע.

דורך די אַלטע קליידער, די צוריסענע,
שטיקער לייבער זעהען זיך צוביסענע,
אַלע אויגען טונקעלע, פערלאָשענע,
נור מיט קאַלטע טרעהרען אַנגעגאָסענע.

גלאַט אזוי אמאָל צונויפגעקליבענע,
איבער גוואלד פון זיך אליין געטריבענע,
געהען מענשען, מענשען איינגעבויגענע,
פרויען שוואַכע, קינדער ניט געזויגענע.

# עטעל ביילע

## פון יונה ראָזענפעלד.



רייסיג יאָהר איז עטעל ביילע געווען פליקערין. ווער שלאָפט ניט אויף איהרע פעדערען? דער רבי, דער גבאי, דאָס גאַנצע שטעדטעל. דער־מאָנענדיג זיך, אז דער רבי שלאָפט אויף איה־רע פעדערען, ווערט איהר ווארעם אינ׳ם קאל־טען שטיבעל. אצינד איז זי שוין אן אלטע אי־דענע, א בלינדע, ליגט ביי ציפע׳ן דער אלמנה אויפ׳ן אויווען. ציפע׳ן צאָהלט מען פון דער שטאָדט פאר עטעל ביילע׳ן צוויי גילדען א וואָך; יעדען פרייטאָג טראָגען איהר גוטע מענשען אריין צום עסען: ברויט, גרויפען, פאַסאָלען.

אין שטוב רעש׳ט, די קינדער וויינען, שרייען, איינע וויל עסען, א צווייטע רייסט זיך אויפ׳ן שויס.

עטעל־ביילע פערקרימט זיך, די קינדער דערנעהען איהר צום הארצען, שלאָגען איהר די זייטען אָב, שארען זיך צום זעקע־לע. דערהערענדיג, ווי דאָס קינד וויל אויפ׳ן אויווען, נעהמט זי באלד דאָס זעקעלע, בינדט עס ארום און לעגט עס צוקאָפּענס.

דאָס קינד קריכט; עטעל־ביילע פיהלט, ווי צוויי קליינע הענטלעך חאפּען איהר ארום די פיס. זי שווייגט שטיל, הערט זיך איין און הויבט אָן צו שעלטען זיך שטיל.

די מוטער דערהערט:

— די אלטע מכשפה! זי בורטשעט שוין. דער רוח נעהמט איהר צו, אז דאָס קינד וועט דאָרטען זיצען.

עטעל־ביילע ענטפערט ניט. זי בורטשעט צו, הערט זיך איין, צי קריכט ניט דאָס קינד צום זעקעלע. זי דערפיהלט א שטויס.

— ער וועט דאָך מיר די גערערים אַרויסזעצן! — שרייט די בלינדע אַלטע, פערקרימענדיג זיך.

— זעהט נור, ווי זי האָט דאָס מורא פאַר'ן טויט.

אַ צווייט קינד וויל אויפ'ן אָריווען. די אַלטע דערפיהלט, ווי עס קריכט שוין.

— וועה איז מיר! — שרייט זי — זיי האָבען מיר שיעור די אויגען ניט אַרויסגענומען.

— די אויגען האָבען זיי איהר שיעור ניט אַרויסגענומען — קרימט ציפּע איהר איבער מיט אַ שמייכעל.

אַ דריטע קינד וויל אויפ'ן אויוען.

— לאָמיר פון אייך שוין פּטור ווערען, — שרייט ציפּע גלאַט אין דער וועלט אַריין.

אַ קינד האָט אָנגעהויבען וויינען פון אויבען אַראָב.

— אַלטע קליפּה! זי שלאָגט שוין דאָס קינד!

די אַלטע גיט אַ זיפץ.

— גאָטעניו! וואָס האָבען זיי צו מיר — קרעכצט די אַלטע. דאָס זעקעל לאָזט איהר ניט רוהען; זי שלעפּט עס אַרויס פון צוקאָפּענס, לאָזט אַריין די האַנד אינוועניג, טאַפּט אָן אַ ווייך שטיקעל קוילעטש און נעהמט קייען, ניט אַראָבשלינגענדיג דעם ביסען, לאָזט זי ווידער אַריין די האַנד און טאַפּט ווידער. גיט אַ קיי און בלייבט שטעהן, וואָס קען דאָס זיין פאַר אַ שטיקעל? זי וואָלט דאָס אַרויסגענומען און געוויזען ציפּע'ן, האָט זי מורא, אפשר איז דאָס אַ גוטע זאַך, וועלען עס די קינדער צוכאַפּען. צוריק מיט יאָהרען, ווען לעטע האָט איהר געבראַכט די ערשטע צייט דאָס עסען, האָט זי איהר געגעבען יעדע זאַך אין האַנד און אויסגערעכענט; דאָס האָט דער געגעבען, און דאָס — יענער. היינט ברענגט זי עס און געהט אַוועק. וועמען האָט זי אַ חוץ לעטען? קיינעם ניט. זי ליגט כסדר, ווי אַ שטיין אויפ'ן אויוען, זי בעט אַמאָל די קינדער, מען זאָל זי אַמאָל פיהרען ערגעץ — לאָזט ניט ציפּע. ס'אַרא מרשעת!

זי האָט איהר נאָך געפליקט פעדערען צו דער חתונה; טאַקי באַלד נאָך ציפּע'ס חתונה איז זי בלינד געוואָרען. די אויגען האָבען איהר אָנגעהויבען וועה טהאָן. זי האָט אַ פּאָר מאָל דעם רופא גערופען, האָט ער איהר געהייסען טהעע צולעגען, עס האָט אָבער ניט געהאָלפען, גאַנצע נעכט האָט זי געשריען, איהרע געשרייען זיינען געגאַנגען ביז'ן הימעל; דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט, אַז זי ווערט בלינד. אָפט זיצענדיג גאַנצע נעכט און פליקענדיג, פלעגען איהר אָנהויבען וועה טהאָן די אויגען, נור זי האָט זיך געשטאַרקט, געבריה'ט, ניט געמאַכט זיך.

מיט אַ מאָל דערפיהלט עטעל־ביילע אַ הענטעל אין זעקעל. זי חאַפּט אָן דאָס הענטעל, גיט אַ קניפּ און אַ שלעפּ ארויס. דאָס קינד צוואויינט זיך.

— אַ דונער זאָל איהר איינשלאָגען! — שעלט ציפּע.

די אַלטע ענטפערט ניט; זי האַלט נאָך אַלץ די האַנד אינ'ם זעקעלע און קען זיך ניט פאַרשטעלען, וואָס אַזעלכעס האָט זי דאָרטען אַ קוגעלע, אַ באָבקעלע... ניין, וואָס דען? וואָלט זי ניט געוועזען ברוגז מיט ציפּע'ן, וואָלט זי איהר געוויזען... ניין, זי מוז איהר פרעגען.

— ציפּע! — שרייט זי אויס, האַלטענדיג אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ.

ציפּע ענטפערט ניט.

— ציפּע!

קיינער ענטפערט ניט.

— זי איז ניטאָ — פרעגט זי אין שטוב אריין.

— וואָס איז דאָרט? וואָס וויל זי דאָרט — שרייט ציפּע בעז.

— אויף אַ מינוטקעלע! — בעט די אַלטע זיך.

ציפּע געהט צו און פערקוקט זיך אויף דער אַלטער.

— אַ הונדערט יאָהר זאָלסטו לעבען! — זאָגט די אַלטע מיט אַ צופרידענעם שמייכעל, אויסציהענדיג די האַנד מיט'ן

שטיקל געקעכטס צו ציפען. — וואס איז דאס, זאלסטו מיר יאהרען האבען... א טייגעכצעל...

— ס'איז א באבקעלע ! — זאגט ציפע, אבקנייפענדיג א שטיקל און פערזוכענדיג דעם טעם. — א באבקעלע פון רע־טשענעם מעהל מיט קארטאפעל.

א פאר מינוט איז שטיל, ציפע בעקוקט דאס באבקעלע, עטיל־ביילע איז אנגעבויגען צו ציפען.

— ס'איז אודאי איהרס, פעסי מעני'ס, — זאגט ציפע. — פעסי מעני האט דאס געמוזט געבען.

— פעסי מעני ?

— פעסי מעני באקט תמיד אזעלכע מינים.

— א כשרה'ע נשמה אט די פעסי מעני, זי פערגעסט ניט אן מיר.

די קינדער ווארפען זיך צום באבקעלע. ביי דער אלטער הויבט אן קלאפען דאס הארץ, די אונטערשטע ליפ ציטערט.

— נעהם, גיב זיי, די קינדערלעך... צו שטיקלעך — שטארקט זיך די אלטע.

דאס באבקעלע ווערט צוריסען אויף שטיקלעך ; אין שטוב ווערט יום־טוב.

די אלטע שטעקט אריין די האנד אין זעקעלע און טאפט ווייטער. אפשר איז דא נאך עפעס וואס צו ווייזען ציפען. זי טאפט אן עפעס שפיצענדיגעס, זי איז זעהר נייגיריג צו וויסען, וואס דאס איז. זי קען אבער ניט דערקלערען, פרעגט זי ציפען.

— א קניש ?

— א קניש.

— א קניש מיט בעבלעך ! — מאכט זי דאס צווייטע מאל, אבשפאלטענדיג איהם.

— קניש, קניש ! — ליארמען די חברה. — מאמע, קניש !

— אוי, הערסט, ציפע ! דיינע קינדער... — זאגט די אלטע, אויסציהענדיג די האנד נאכ'ן קניש. — א ווייצענער ?

— פון געבייטעלטע מעהל, — ענטפערט ציפּע, אומקעה־רענדיג איהר דעם קניש.

די אַלטע טאַפּט ווייטער, זי שמייכעלט : אַ האַלבער קוילעטש. זי ווייס, אַז דאָס איז אַ האַלבער קוילעטש, נור דאָך מוז זי ציפּען דאָס ווייזען.

ציפּע ברעכט אָב שטיקלעך, טיילט די קינדער. טייער גע־בעקס ! — זאָגט זי.

זי חאַפּט אַליין אַ שטיקעל.

דער אַלטער'ס פּנים ווערט נייגעריגער, שמייכלענדיגער.

— דער רביצינ'ס אודאי, — זאָגט ווייטער ציפּע, אָב־קנייפּענדיג אַ צווייט שטיקעל.

דער אַלטערס פּנים איז מיט אַ מאָל טרויעריגער געוואָרען, זי ציהט אוים די האַנד נאָכ'ן האַלבען קוילעטש.

די אַלטע זיפצט.



אזוי ווי ס'איז געגען די געזעצען פון נאַטור, אַז קינדער זאָלען רעגירען איבער דערוואַקסענע, אָדער פערריקטע — אי־בער מענשען מיט טיפען פערשטאַנד, אזוי איז אויך אוננאַטיר־ליך דאָס, וואָס אַ הייפעל מענשען איז איבערגעזעטיגט מיט אַלעם גוטען און די הונגעריגע אין די צעהנדליגער טויזענדער האָבען נים דאָס נויטיגסטע.

זשאַן זשאַק רוסאָ.

# מאָטעל פייסי דעם חזנ׳ס אינגעל

(כתבים פון אַ יונגעל אַ יתום)

## פון שלום עליכם.

### א.

### איך און דאָס קעלבעל.



יך געה מיט אייך אין געוועט אויף וויפיעל איהר ווילט, אַז קיינער אין דער וועלט איז נישט געוועז אזוי צופרידען מיט׳ן ווארימען, ליכטיגען נאָך־פסח, ווי איך פייסי דעם חזן׳ס אינגעל מאָטעל, און דעם שכנ׳ס קעלבעל, וואָס מען רופט דאָס „מעני" (דאָס האָב איך, מאָטעל, דעם אַ נאָמען געגעבען „מעני")

ביידע גלייך האָבען מיר דערפיהלט די ערשטע שטראַהלען פון דער ווארימער זון אין׳ם ערשטען ווארימען נאָך־פסח׳דיגען טאָג, ביידע גלייך האָבען מיר דערשמעקט דעם ריח פונ׳ם ערשטען גרינעם גרעזעלע, וואָס קריכט, שפּראָצט אַרויס פון דער נאָר וואָס אָבגעדעקטער ערד, און ביידע גלייך זיינען מיר אַרויסגעקראָכען פון׳ם פינסטערען ענגשאַפט צו מקבל פנים זיין דעם ערשטען זיסען ליכטיגען ווארימען פריהלינגס־מאָרגען. איך, פייסי דעם חזן׳ס אינגעל, מאָטעל, בין אַרויס פון אַ טוואַן, פון אַ קאַלטען נאַסליכען קעלער, וואָס שמעקט מיט זויערטייג און מיט רפואות פון דער אַפּטייק; און מעני, דעם שכנ׳ס קעלבעל, האָט מען אַרויסגעלאָזט נאָך פון אַן ערגערען עפּוש: פון אַ קליין, פינסטער, בלאָטיג, פערפּאַסקודיגט שטעלכעל מיט אויסגעקרימטע צופּליקטע ווענד, וואָס ווינטער בלאָזט אַריין אַהין דער שניי און זומער שמייסט אַריין דער רעגען.

ארויסגעהאַפּט זיך אויף גאַטס פרייע ליכטיגע וועלט, האָבען מיר ביידע, איך און מעני, אויס דאַנקבאַרקייט צו דער נאַטור, זיך גענומען אויסדריקען אונזער צופרידענהייט. איך, פּייסי דעם חזן'ס אינגעל, האָב אויפגעהויבען ביידע הענד אַרויף, אויפגעעפענט דאָס מויל און אריינגעצויגען אין זיך די פרישע, וואַרימע לופט אַזוי פיעל, וויפיעל איך האָב געקאָנט, און עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך וואַקס אין דער הויך, און עס ציהט מיך אַרויף אַרויף אין דער טיעפער־טיעפער בלויער יאַרמעלקע אריין, דאָרט וואו די שיטערע רויכיגע וואָלקענס שוועבען, דאָרט וואו די ווייסע פויגלען טיקען זיך, בעווייזען זיך און ווערען פערשוואונדען מיט אַ קוויטש און מיט אַ צוויטשער, און עס רייסט זיך ארויס פון דיין אָנגעפילטער ברוסט אָהן מיין וויסען אַ מין געזאַנג נאָך שעהנער ווי יום־טוב מיט'ן טאַטען ביים עמוד, אַ געזאַנג אָהן ווערטער, אָהן נאָטען, אָהן אַ שום מאָטיוו, אַ מין נאַטור־געזאַנג פון אַ וואַסער־פאַל, פון יאָגענדיגע חוואַליעס, אַ מין שיר השירים, אַ געטליכע התפעלות, אַ הימלישע בעגייסטערונג.

אַט אַזוי האָט ארויסבעוויזען זיין צופרידענהייט מיט'ן ערשטען פריהלינגס־טאָג פּייסי דעם חזן'ס אינגעל. גאַנץ אַנדערש האָט דאָס אויסגעדריקט מעני, דעם שכן'ס קעלבעל.

מעני, דעם שכן'ס קעלבעל, האָט קודם אריינגעשטעקט די שוואַרצע נאַסע מאָרדע אין מיסט אריין, אַ שאַר געטהאָן מיט'ן פאָדערשטען פיסעל די ערד אונטער זיך אַ מאָל דריי, פעררייסען דעם עק, אויפגעשפּרונגען נאָכדעם אויף אַלע פיער, און ארויסגעלאָזט אַ טומפּיגען „מע“. דער „מע“ האָט מיר אויסגעוויזען אַזוי קאָמיש, אַז איך האָב מיך געמוזט צולאַכען און נאָכמאַכען דעם אייגענעם „מע“ מיט'ן זעלביגען נוסח, וואָס מעני. מעני'ן איז דאָס, ווייזט אויס, געפעלען, וואָרום עס האָט לאַנג נישט גענומען, האָט דאָס קעלבעל איבערגע'חזר'ט דאָס אייגענע נאָך אַמאָל, מיט'ן זעלביגען נוסח און מיט'ן זעלביגען שפּרונג. זעלבסטפערשטענדליך, אַז איך האָב דאָל באַלד נאָכ־

געטהאָן מיט אַלע פּישטשעווקעס, מיט'ן קול און מיט'ן שפּרונג. אַזוי עטליכע מאָל: איך אַ שפּרונג, דאָס קעלבעל אַ שפּרונג; דאָס קעלבעל אַ „מע", איך אַ „מע". ווער ווייסט, ביז וואנען דאָס שפּיעל וואָלט זיך אַזוי געצויגען, ווען ניט אַ שנייד פון אונטען אין האלז אַריין פון מיין עלטערען ברודער אליהו מיט אַלע זיינע פינף פינגער:

— איינגעזונקען זאָלסטו ווערען! אַ בחור'ל פון פינף יאָהר שטעלט זיך אוועק טאנצען מיט אַ קעלבעל!... אין שטוב אַריין גאה, דו הולטיי איינער!... דער טאטע וועט דיר שוין געבען!...

ב.

בלאָטע! דער טאַטע וועט מיר ניט „געבען" גאָר ניט, דער טאַטע איז קראַנק. ער דאַוועגט שוין ניט פאר'ן עמוד פון שמחת־תורה אָן. גאנצע נעכט הוסט ער. עס געהט צו אונז דער שווארצער דאָקטאָר, אַ גראָבער מיט שווארצע וואָנצעס און מיט לאַבעדיגע אויגען — אַ פרעהליכער דאָקטאָר. מיך רופט ער „פּופּיק" און שנעלט מיר מיט די פינגער אין בייכעל. ער זאָגט אָן אַלע מאָל דער מאַמען, מען זאָל מיך ניט שטאָפּען מיט קיין קארטאָפעל, און דעם קראַנקען זאָל מען געבען נאָר בוליאָן און מילך, מילך און בוליאָן... די מאַמע הערט איהם אויס, און אַז ער געהט אוועק, בעהאַלט זי דאָס פּנים אין פארטוך און די אַקסלען טרייסלען זיך ביי איהר... נאָכדעם ווישט זי אויס די אויגען, רופט אָב מיין ברודער אליהו אויף אַ זייט און מען סוד'עט זיך שטילערהייט. וואָס זיי ריידען וויים איך ניט, נאָר מיר דאַכט, זיי קריגען זיך. די מאַמע שיקט איהם ערגעץ, ער וויל ניט געהן, ער זאָגט צו איהר:

— איידער אָנקומען צו זיי, וועל איך דיר בעסער געהן אין דער ערד אַריין!... איך וועל בעסער שטאַרבען היינטיגען טאָג!..

— בייס דיר אָב די צונג, משומד איינער, וואָס רעדסטו?

אַזוי ענטפערט איהם די מאַמע שטיל, ציפּעט צונויף די

צייהן, מאַכט צו איהם מיט די הענד, איז גרייט איהם דורס צו זיין; זי ווערט אָבער באַלד ווייך און מאַכט צו איהם:

— וואָס זאָל איך טהאָן, מיין זוהן, א רחמנות אויפ׳ן טאַטען... מען מוז דאָך איהם ראַטעווען!...

— פערקויפט מען עפּעס — זאָגט מיין ברודער אליהו און חאַפּט א קוק אויף דער גלעזערנער שאַפע, און די מאַמע קוקט אויך אויף דערזעלבער שאַפע, ווישט די אויגען און זאָגט שטיל:

— וואָס זאָל איך פערקויפען? די נשמה? שוין נישטאָ וואָס צו פערקויפען. סיידען די ליידיגע שאַפע?

— פאַר וואָס ניט? — זאָגט איהר מיין ברודער אליהו.

— רוצח! — ענטפערט איהם די מאַמע מיט רויטע אויגען — פון וואַנען האָבען זיך צו מיר גענומען אַזעלכע רוצחים קינדער!

די מאַמע פייערט און קאָכט, וויינט זיך אויס, ווישט אויס די אויגען און בעט זיך באַלד איבער. אַזוי איז געווען אויך מיט די ספרים, מיט דער זילבערנער עטרה פונ׳ם טלית, מיט די צוויי גענילטע בעכערלעך, מיט איהר זיידען מלבוש, און מיט אַלע איבריגע זאַכען, וואָס זיינען פערקויפט געוואָרען ביי אונז איינציגווייז און אַלע מאָל אַן אַנדער קונה.

די ספרים האָט אָבגעקויפט מיכל דער פּאַקענטרעגער, א איד מיט א שיטער בערדעל, וואָס ער האַלט דאָס אין איין קראַצען. מיין ברודער אליהו איז נעבעך געגאַנגען צו איהם דריי מאָל, איידער ער האָט איהם אַראָבגעבראַכט. די מאַמע האָט זיך מחיה געווען, אַז זי האָט איהם דערזעהן און בעוויזען איהם מיט׳ן פינגער, ער זאָל רעדען שטיל, בכדי דער טאַטע זאָל נישט הערען. מיכל האָט פערשטאַנען, פערריסען דעם קאָפּ ארויף אויף דער פּאָליצע, זיך געקראַצט אונטער׳ן בערדעל און א זאָג געטהאָן:

— אנו ווייזט, וואָס האָט איהר דאָרטען?

מיט א ווינק האט מיר די מאמע בעוויזען, איך זאל ארויף אויפ'ן טיש און דערלאנגען די ספרים. צוויי מאל איבער־חזר'ן איז נישט געווען נויטיג. איך בין מיט איין שפרונג ארויף מיט אזא גדולה, אז איך האב מיך אויסגעצויגען איבער'ן טיש און נאך געכאפט א צוגאב פון מיין ברודער אליהו, איך זאל ניט שפרינגען ווי א משוגענער. מיין ברודער אליהו, האט זיך אליין מטריח געווען אויפ'ן טיש און האט דערלאנגט מיכלען אלע ספרים. מיכל האט מיט איין האנד געבלעטערט די ספרים, מיט דער אנדערער זיך געקראצט דאס בערדעל און געזאגט חסרונות. יעדער ספר האט זיין חסרון: דארט איז דער בונד געווען נישט גוט, ביי דעם איז דער רוקען שטארק צוגעסען. דא איז דער ספר אליין קיין ספר ניט. און אז ער האט שוין גאנץ גוט איבערגעקוקט אלע ספרים, מיט אלע בונדען, מיט אלע רוקענס, האט ער זיך א קראץ געטהאן אין בערדעל:

— ס'זאל זיין משניות'ן, א גאנצער גאנג, וואלט איך זיי אפשר אוועקגעקויפט.

די מאמע איז געווארען טויט ווי די וואנד, און מיין ברו־דער אליהו איז, פערקעהרט, געווארען רויט ווי פייער; ער איז אנגעפאלען אויפ'ן פאקענטרעגער:

— האט איהר דאך לכתחילה געקאנט זאגען, אז איהר קויפט נאר משניות'ן! וואס זייט איהר געקומען דולען א ספאדיק און דרעהען א מוח?

— לאז זיין שטיל! — בעט זיך ביי איהם די מאמע, און עס הערט זיך א הייזעריגע שטים פון'ם צווייטען אלקיר, וואו דער טאטע ליעגט:

— ווער איז דארטען?

— קיינער ניט — ענטפערט איהם די מאמע און שיקט אב מיין ברודער אליהו'ן צום קראנקען און אליין האנדעלט זי מיט מיכל דעם פאקענטרעגער, פערהאנדעלט איהם די ספרים, אפנים פאר זעהר ווינציג געלד, ווארום אז מיין ברודער אליהו

קומט ארויס פונ'ם טאַטענס אַלקיר און פרעגט זי: „וויפיעל?"..
שטופּט זי איהם אָב און זאָגט איהם: „ס'איז ניט דיין עסק!.."
און מיכל כאַפּט די ספרים גיך־גיך, פּאַקט זיי איין אין אַ זאַק
אריין און מאַכט פּליטה.

### ג.

פון די אַלע זאַכען, וואָס מיר האָבען אויספּערקויפט פון שטוב, האָט מיר קיינס פון זיי ניט צוגעשטעלט אַזוי פיעל פּער־געניגען, ווי די גלעזערנע שאַפע.

ערשטענס, וואָס הייסט מען וועט צונעהמען? מיר האָט זיך תמיד געדוכט, אַז אונזער גלעזערנע שאַפע איז צונויפגע־וואַקסען מיט דער וואַנד. ווי אַזוי וועט מען זי נעהמען? צוויי־טענס — וואו וועט די מאַמע פּערשליסען דאָס ברויט, מיט דער חלה, מיט די טעלער, מיט די בלייענע לעפעל און גאָפּלען (צוויי זילבערנע לעפעל און איין גאָפּעל אַ זילבערנעם האָבען מיר געהאַט, האָט זיי די מאַמע שוין לאַנג פּערקויפט!) און וואו וועלען מיר האַלטען פּסח די מצה? די געדאַנקען זיינען מיר געקומען אויפ'ן קאָפּ, בשעת דער סטאָליער איז געשטאַנען און געמאָסטען די שאַפע מיט זיין גרויסען רויטען נאָגעל פונ'ם גראָבען פינגער פון דער אויסגעשמירטער האַנד. ער האָט אַלץ געדרונגען, אַז די שאַפע וועט ניט ארויס פון דער טהיר. אַ סימן — אָט האָט איהר אייך די ברייט פון דער שאַפע און אָט האָט איהר די טהיר — אסור אויב זי וועט ארויס!

— ווי אַזוי זשע איז זי אריין? — פרעגט איהם מיין ברודער אליהו.

— געה פרעג זי! — ענטפערט איהם נחמן מיט כעס — איך וויים, ווי אַזוי זי איז אריין! מען האָט זי אריינגעטראָ־גען, איז אריין!...

איין מינוט איז געווען אַזעלכע, וואָס איך האָב מורא געהאַט פאַר דער שאַפע. דאָס הייסט, איך האָב געמיינט, זי בלייבט ביי אונז. עס האָט אָבער לאַנג נישט גענומען, און

נחמן דער סטאליער איז געקומען מיט זיינע צוויי בנים, אויך סטאליארעס, און מען האט געגעבן א נעהם אונזער גלעזערנע שאפע, טאקי נאר ווי דער רוח דעם מלמד; פריהער איז גע־גאנגען נחמן, נאכדעםביידע בנים, הינטען — איך. דער פא־טער האט געקאמאנדעוועט: „קאפעל, אן א זייט! מענדעל, רעכטס! קאפעל, ניט לויף! מענדעל, האלט!“ איך האב זיי געהאלפען נאכטאנצען. די מאמע און מיין ברודער אליהו האבען ניט געוואלט העלפען. זיי זיינען געשטאנען, געקוקט אויף דער ליידיגער וואנד, וואס איז געווען בעדעקט מיט שפינ־וועבס, און האבען געוויינט... אן אקציע מיט די צוויי — נאך זיי וויינען... פלוצים טראך! סאמע ביי דער טהיר האט גע־פלאצט דאס גלאז, און דער סטאליאר מיט די בנים האבען גע־נומען זידלען זיך, ארויפלעגען איינס אויף דאס אנדערע די באד: „א ריהר פון א בלייענעם פוינגל!...“ „בערישע פים!“ „דער רוח חאפט איהם אוועק!...“ „ברעך דעם קאפ, צונ׳אלדע שווארצע יאהר...“

— וואס איז דארטען? — הערט זיך א הייזעריג קול פונ׳ם קראנקען־אלקיר.

— גארנישט! — ענטפערט די מאמע אוןווישט די אויגען.



# צוויי וועראַנדען

פון י. גאָרדין.



טלאַנטיק סיטי, אכט אַזייגער אָבענד. א שעה־נער אָבענד. ער האָט נאָר וואָס אָבגעגעסען מיטאָג, וועלכער האָט געדויערט אנדערטהאַלבען שעה; מוזיק האָט געררייצט דעם אַפּעטיט. אַרום איהם זיינען געזעסען שעהנע, רייך־פערפוצטע דאַמען. עס איז געווען לעבעדיג און פרעהליך.

איצט זיצט ער אויף א ברייטען וויעג־שטוהל אויף דער וועראנדא; ער רויכערט, וויגט זיך. אין'ם זאַל שפּילט מען עפּעס פון „לאָהענגרין"; און אַנטקעגען רוישט דער אָצעאַן. די זילבערנע לבנה, די פינקלענדע שטערענדלעך שפּיגלען זיך אָב אין די אונענדליכע וואסערען. ער זיצט און רוהט אויס; ער וויל ניט און קען ניט טראַכטען וועגען עפּעס, ער פערטרייבט פון זיך יעדעם געפיהל, וועלכעס קען שטערען זיין בעקוועמע רוה.

אָבער אויף צו־להכעיס דערמאָנט ער זיך אָן עפּעס, וואָס איז געשעהן מיט איהם היינט. אַן אונאַנגענעהמע געשיכטע! א פילאַנטהראָפּישע דאַמע האָט געבעטען א נדבה פאַר אַן אָרימען מענשען, וואָס ליידט פון שווינדזוכט און מוז פערלאָזען ניו־יאָרק. ער רויכערט בייז, וויעגט זיך שטאַרקער און דערמאָנט זיך די מיאוסע איינצעלהייטען: ער איז גראָד געזעסען און געשפּיעלט א פּאָוקער, האָט ער זיך פון דער דאַמע געוואָלט ארויסדרעהען מיט א וויץ; דערנאָך האָט ער געגעבען איהר צוויי דאָלאַר, האָט זי ניט געוואָלט נעהמען און פרעך בעמערקט, אַז פון אַזאַ רייכען מענשען נעהמט זי ניט אַזאַ קליינע נדבה.

האט ער געמוזט געבען צעהן... צעהן דאלאר ארויסגעווארפען און נאך בעליידיגט געווארען! צוליעב וועמען? צוליעב וואס? וואס ארט עס איהם, וואס א יונגערמאן, א פרעמדער, איז קראנק, האט שווינדזוכט?

א שעהנע נאכט. ער וויעגט זיך בייז אויפ'ן שטוהל און קוקט אויפ'ן אצעאן; די לבנה און די שטערן שווימען אינ'ם וואסער, זיך וויגענדיג ארום. פלוצלונג דערזעהט ער אן אנדער ווערענדא.

דענווער; אכט א זייגער אבענד. א שעהנע נאכט. די לבנה און שטערען שווימען לייכט איבער דער פער'חלומ'טער ערד. ער זיצט אויף דער ווערענדא אן איינגעוויקעלטער אין א ווארימען אויבערראק; קיין מיטאג האט ער היינט ניט גע־געסען, ער האט גיט קיין אפעטיט; אפילו ביים טיש ניט גע־זעסען, די קראנקע הוסטען און זיפצען, און דאס האט איהם אויפגערעגט. שטיל ארום. ווייט אין ניו־יארק איז געבליבען זיין אלטע מוטער, וועלכע האט אזוי ביטער געוויינט, ווען זיי האבען זיך צושיידט; אויף איהם ווארט דארט זיין ארימע פרוי און דאס קליינע קינד. פלוצלונג גיט ער א הוסט און זיין קאפ בויגט זיך, פאלט און ער בלייבט אנטשוויגען אויף אייביג.

און די לבנה און שטערען שווימען קאלט ארום איבער'ן בלויען הימעל.



# הונגער און קעלט

פון י. אדלער.

געבאָרען אין 1877, אין דינאָוו, גאַליציען. זיינע ערשטע לידער זיינען ערשיענען אין 1897. דיכטער און הומאָריסט.

טעג אָהן זון און נעכט אָהן שטערען
האַלטען אין געבוירען ווערען.
ווינטען בייזע, פרעסט און שנעע
הערען צו דעם וועה־געשריי...

אין א שטיבעל, האַלב צובראָכען,
וועגט ניט ליים און שטרוי פערקלעפט,
טיילען קינדער זיך מיט ברעקלעך,
וואָס א מייזעל האָט פערשלעפט...

ניט קיין ברויט און ניט קיין פייער,
ביידע זאַכען זיינען טייער —
קינדער, קינדער, ס'איז ניט גוט.
ביליג איז נור מענשען־בלוט...

וויינען קינדער: „מאַמע, מאַמע,
גיב אונז כאָטש א ברעקעל ברויט."
הויבט די מאַמע אָן צו זיפצען,
זיפצט די מאַמע, לאַכט די נויט...

ברויט איז טייער, האָלץ איז טייער,
ניט קיין ברויט און ניט קיין פייער,
און די מאַמע זיפצט־אָב שווער —
ביליג איז א קינדער־טרעהר...

וויינען קינדער: „מאַמע, מאַמע,
ס'איז אונז קאַלט, מיר פריהרען איין".
הויבט די מאַמע אָן די הענטלאַך,
ס'זאָל די קינדער וואַרעם זיין...

# אינ'ם פויליש־אידישען חדר

פון י. י. לינעצקי.

(1839—1916)

איינער פון די פאטערס פון דער מאדערנער אידישער ליטעראטור, בעלעטריסט און סאטיריקער, געבארען אין וועקוצא, פאדאליער גוב., געשטארבען אין אדעס.



ז די מאמע האט מיך דאס ערשטע מאל ארייגעפיהרט צו נחמן טאסק אין חדר אריין, איז מיר פינסטער און ביטער געווארען אין די אויגען. אין שטוב א בלאטע איבער'ן גארטעל; ביי דער טיר א דיישקע וואסער און לעבען איהר א פערשימעלטער צובער, און פון אויבען איז ארומגעשוואומען דאס, וואס ס'איז המן'ען געפאלען אין קאפ. די קליינע, פיער־טאוועלדיגע פענסטערלעך זיינען פעריאגט געווען פונ'ם פראסט אפשר אויף א פינגער די גראב און דער פראסטיגער צודעק זייערער איז צורינצעלט געווען מיט פיגורען און מגן־דוד'ס, איקס־מיקס־דריקסען, פערשידענע קרומע און ציקענדיגע רינגעלעך מיט פאסקעלעך, וועלכע טיעפער און שמעלער איינגעגראבען און וועלכע ברייטער און וועלכע פון אויבען אויף געקריצט; וועלכע זיינען נאך פריש, און וועלכע שוין עלטער און פעריאגטער, זעלטען איז צו בעמערקען געווען נאך גאר א פרישע רעדעלע ביז אין גלאז אריין, וואס א אינגעל האט אפנים נור וואס געמאכט מיט א קאפיקע.

פון אלע פענסטערלעך איז גערונען אויף די ווענד ביז אין דער ערד אראב. דריי קליינע קינדערלעך מיט פערשפילעטע

העמדלעך אונטער די אָרעמלעך האָבען זיך געוואַלגערט אין דער בלאָטע און געקראָכען אויף אַלע פיער.

א לאַנגער שמאָלער טיש מיט א הוידעוודיגען שטאָלג, מיט שטריקעלעך איבערגעבונדען און איבערגעקניפּט, און מיט אַן אויסגעפּליקטער און אויסגעברענטער דעק. אַרום דעם טיש, אויף געמאַכט בענק פון א שמאָלען ברעט אויף צוויי האַלבע קלעצ־לעך, זיינען געזעסען פערשידענארטיגע אינגלעך, איינס אינ׳ם אנדערען איינגעוואַקסען, און אַלע מיט די פּלייצעס איינגע־קלעמט אין דער נאַסער, פּראָסטיגער וואַנד. כמעט אויף יעדע צעהן אינגלעך איז געלעגען איין סדור און יענער איז שוין אויך דריי מאָל אזוי גראָב און געשוואָלען געווען ווי פון׳ם דרוק אַרויס. אויפ׳ן עק טיש איז געשטאַנען איין אַלטער גרוי־סער קאַשעק מיט טעפּלעך, לעבען וועלכען עס האָט זיך געדרעהט א גרויסער קאָטער און האָט געלעקט, קלאַפּענדיג מיט׳ן ווײדעל איבער א תלמיד׳ס קעפּעל.

אין ווינקעל, צום אויבענאָן, איז געווען א שמאָל טירעל און א טיר, דורך וועלכע עס האָט זיך געזעהן אין שטוב אריין די אונטערשטע האַלב־לאַנגע רבי׳צען, בייגענדיג און שטורכענדיג מיט א קאָטשערע אַהין, אַפּנים אין אויוועו אַריין, און ביי יע־דען עפען די פּאָדערשטע טיר האָט זי אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין א פערשמאָלצעוועטער קופּקע מיט א גליטשיג, פערשוויצט פּנים.

דער רבי איז געזעסען אויבענאָן אַרום דעם פּייער, אָהן א קאַפּאָטע, מיט א פערגעלטען טלית קטן, די אונטערשטע העלפט איבערגעוואָרפען פון פאָרענט; א צושפּאַלטענע יאַרמולקע אין פּעדערען, וואָס איז פון פערעלטערטע קנייטשען שוין שטאַרק איינגעשרומפּען, איז געלעגען פעררוקט אויף זיין פּליכעוואַטען געגאָלטען קאָפּ, ווי א גרויסער קיילעכדיגער מיליוטען־מיט־צו־קוטען פלאַסטער אויף א גרויסער גוליע; אין איין האַנד האָט ער געהאַלטען א גראָבען קאַנטשיק און מיט דער אַנדערער האָט ער

זיך, דורכ'ן צוכראַסטעט־קוויטיגען העמד, געקראַצט אינ'ם וואָלד געקרייזעלטע האָר אויף זיין ברוסט.

אַריינקומענדיג אין שטוב, האָבען מיר דערזעהן, ווי דער רבי מיט'ן בעהעלפער האָבען געקנאַקט מיט די קאַנטשיקעס, די חדר־אינגלעך האָבען געגאַנערט ווי געגנז, די קינדערלעך זיינען איבער־געריסען געוואָרען פון געוויין און — אינמיטען דערינען איז די רבי'צין איבערגעלאָפען די שטוב מיט אַ האָלאָוועשקע אין האַנד און פּוטץ אינ'ם אומריינעם צובער אריין!

מיין מאַמע האָט גערעדט אַ פּאָר ווערטער און איך בין גע־בליבען אינ'ם חדר.



# אַ שטיקעל ברויט

פון מאַני לייב.

גערבאָרען אין די 90 יאָהרען אין זיד רוסלאַנד. געקומען נאָך אַמעריקא אין 1905. אָנגעהויבען צו דרוקען אין דערזעלבער צייט.

דער מאָרגען קומט צו אונז אַ כמורנער און אַ בלינדער,
די מאַמע ליגט אין בעט אַ בלייכע, ווי דער טויט.
שלאָפט רוהיג, מיינע קליינע הונגעריגע קינדער,
איך וועל אין גאַס איצט געהן פאַר אייך צו קריגען ברויט —
אַ שטיקעל טרוקען ברויט.

און אַז איך וועל אין גאַס אַ גאַנצען טאָג זיך זאַמען,
ווי קליינע הינטלעך וועט איהר וואַיען ווילד נאָך מיר.
און שטיקער וועט איהר רייסען פון דער קראַנקער מאַמען!
און הונגעריגע שמעקען וועט איהר יעדען שאָרך ביים טיר —
די טריט מיינע ביים טיר.

אויך אַז איך וועל פאַרנאַכט צו אייך אַ מידער קומען,
און אָהן האָפענונג און קאַלט וועט זיין מיין בליק —
פון שרעק פערקראָכען אין די ווינקלען וועט איהר שטומען,
און גלעטען וועט מיין האַנד אין קעשענע אַ שטריק
כאַ־כאַ, אַ שטאַרקער שטריק!

און אַז איך וועל ביי נאַכט זיך אויפ׳ן בוידעם הענגען —
וויינט שטילער, קינדער מיינע, נאָך אַ שטיקעל ברויט!
און אַז די נאַכט וועט האַרטען, קראַנקען שאָלף אייך ברענגען,
וועט וויינען אבער אייך די מאַמע — ווי דער טויט —
אַ בלייכע ווי דער טויט!

פון דער פּיעפּעניש פון האַרץ

# נישטאָ קיין מתים!

## פון שלום עליכם



אש־חודש אלול בין איך געקומען קיין כתריליווקע אויף קבר־אבות.

דאָס אַלטע כתריליווקער בית־הקברות זעהט אויס אַ סך שענער און אַ סך לעבעדיגער פון דער שטאָדט אַליין. איהר געפינט דאָ שטיב־לעך־מצבות שעהנערע ווי די שעהנסטע הייזער אין שטאָדט. היינט וואָס איז ווערט דאָס וואָס ס'איז דאָ טרו־קען ווי פּעפּער, נישטאָ יענע ליימיגע, זומפּיגע בלאָטע וואָס אין שטאָדט? דאָ זעהט איהר פאַר זיך חאָטש גרינס, אַז עס קומט זומער־לעבען, אַ גרעזיל, אַ צוויי—דריי באַרען־בוימלעך, איהר הערט אַ פּישטשען פון פייגעלעך וואָס שפּרינגען פון איין צווייגעל אויפ'ן אנדערען און שמועסען זיך אויס אויף זייער לשון. דאָ זעהט איהר פאַר זיך אַ גרויסע, קיילעכיגע, בלויע יאַרמעלקע מיט אַ לויטערע, וואַרעמע זון. פון דער לופט שמו־עסט מען ניט אַז דאָ איז זי אין טויזענד גראַד בעסער, פרישער און געזונטער ווי אין שטאָדט. סאַי דאָ, סאַי דאָרט ליגט מען דאָך אין דער ערד פיער איילען! דער חילוק איז נאָר וואָס דאָ אויפ'ן בית־עלמין ליגען די מתים אויף איין אָרט, און דאָרט, אין שטאָדט געהען זיי נאָך אַרום; דאָ רוהען זיי שוין און ווייסען נישט פון קיין צרות, און דאָרט ווערען זיי נאָך פער־שוואַרצט — און מי יודע וויפיעל ס'איז זיי נאָך בעשערט אָב־קומען און מוטשען זיך אויף דער וועלט!...

געטראָפען האָב איך דאָרטען עטליכע ווייבער ליגען אויף די קברים, וויינען און שרייען און טענה'ן זיך אויס אויף אַ קול. איינע וועקט די מאַמען זי זאָל אויפשטעהן און אַ קוק טהאָן

אויף איהר איין־און־איינציגע טאָכטער, וואָס פון איהר איז געוואָרען!

— זאָלסט אויפשטעהן, מאַמעניו טייערע מיינע, האַרציגע, געטרייע, און אַ קוק טהאָן אויף דיין איין־און־איינציגע בת־יחידה, אויף דיין ציטעריגער שרה פּעריל, וואָס זי איז געווען ביי דיר דאָס שוואַרצאַפּעל פון'ם אויג ווי אַזוי זי ליגט איצט אין דער ערד, אוי וועה איז מיר, וואַלגערט זיך אין שכנות מיט קליינע קינדער פּיסקליאַטעס, וואָס געהען נאַקעט, קיין העמ־דעלע אויפ'ן לייב, וואַרום ער קרענקט בסדר, ישראל'יק דיינער. פון זינט ער האָט זיך צוגעקיהלט דעמאָלט אויפ'ן יריד, קרענקט ער און האָקטערט זיך, מען בעדאַרף איהם געבען מילך איז ני־טאָ! און די קינדערלעך נעבעך שרייען אויף „מאָני", און ס'איז ניטאָ! און דירה־געלד מאָנט מיך הענזיל דער שניידער, ביי איהם זיץ איך היינט, און ס'איז ניטאָ! און פאַר הערשעלין שכר למוד, ער ווערט היינטיגס יאָהר בר־מצוה, דאַרף מען צאָה־לען נאָך פאַר יענעם זמן, און ס'איז ניטאָ! צו וואָס מען נעמט זיך איז ניטאָ, ניטאָ און ניטאָ!..

די אַנדערע איז געקומען צום טאַטען אויפ'ן קבר זיך קלאָ־גען אויף איהר מאַן, וואָס מען האָט איהר געגעבען, מען האָט געמיינט אַן אַנטיק, אַ צאַצקעלע האָט מען געזאָגט. אַלע מייד־לעך האָבען איהר דענסטמאָל מקנא געווען. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ער איז נאַר אַ שאַרלאַטאַן, אַן אויסברעננגער, פערגינט זיך אָוועקגעבען היינטיגען יום־טוב פאַר מפטיר פינף און פופ־ציג „גילדון", און פאַר'ן ערשטען פסוק פון „אתה הראית" איז ער אַ בעלן געווען אָבצאָהלען פאַר־אַ־יאָהרען אַ דרייעריל! און וויפיעל ברענגט ער אוים אויף די ביכלעך, וואָס ער קויפט אַלע מאָל, פאַר די ביכלעך וועט ער אָוועקגעבען דעם טאַטען מיט דער מאַמען, און וואָס איך קרענק און דאַר — דאָס אַרט איהם ניט!...

די דריטע איז געקומען אָבגעבען מזל־טוב איהר מאַן אויף יענער וועלט, זי מאַכט חתונה דאָס ערשטע קינד און האָט נישט

מיט וואס. אפילו דאס ערשטע האלב נדן, וואס זי האט צוגע־
זאגט איינלייגען, האט זי נאך אויך ניט איינגעלייגט, קיין העמד
גישט אויפ'ן לייב, קיין פאר שיך אפילו און ווער רעדט פון
חתונה הוצאות, כלי־זמר, סארווערס, דאס, יענץ — וואו וועט
זי דאס נעהמען?... דער קאפ ווערט איהר שיער ניט צופאלען,
טאמער חלילה ווערט איהר שידוך אויס שידוך — וואס וועט
זי טהאן?...

און אזוי אלע איבעריגע ווייבער וויינען און בעקלאגען זיך
אויף זייערע צרות, גיסען אויס זייער ביטער הארץ דורך טרע־
רען, רעדען זיך אויס אביסעל מיט זייערע ליעבע און געטרייע,
טאמער וועט ווערען האטש אביסעל גרינגער אויף דער נשמה,
און אז מען וויינט זיך גוט אויס ווערט טאקע גרינגער...

איך דרעה מיך ארום צווישען די אלטע האלב־איינגעפא־
לענע קברים, לייען די אלטע, איינגעבויגענע, אבגעריבענע
מצבות, דערזעהט מיך פון דערווייטען רב אריה דער קברות־
מאן מיט דער לאנגער פלאקסענער באָרד און מיט די רויטע
אויגען און פרעגט מיך:

— צו וועמען דארפט איהר?

רב אריה איז שוין אזוי אלט, אז קיינער ווייסט ניט זיינע
יאהרען און ער אליין אויך ניט. פון דעסטוועגען האלט ער
זיך ריין און ציכטיג, די שטיוועלעך אויסגעפוצט, די באָרד
צוקעמט איטליכס הערילל בעזונדער און היט זיך אב ווי א ציר־
טערינגער בן־יחיד ביי דער מאמע, עסט נאר ווייכע זאכען און
טרינקען טרינקט ער אלע פריהמארגען געקאכטע קרייטער מיט
קאנדעלצוקער. „ס'איז איהם גוט ווי די וועלט"! — זאגט
מען אויף איהם אין כתרילעווקע, און מען איז איהם באמת מקנא.

— שלום עליכם, רב אריה, וואס מאכט א איד? — רוף
איך מיך אן און געה צו צו איהם נאהענט. ס'איז פארנאכט,
די זון האלט ביים אונטערגעהן און בעגילט די שפיץ קברים.
רב אריה פערשטעלט זיך מיט דער האנד, בעטראכט מיך מיט
די רויטע אויגען, גלעט די באָרד און קוקט זיך איין.

— ווער זייט איהר און צו וועמען דאַרפט איהר?

איך זאָג איהם, ווער איך בין און וועמען איך דאַרף.. דער־קענט מיך רב אריה און גיט מיר אָב שלום און שאָקעלט מיט די ליפּען, רעדט מיט א פּייף:

— אַ? ביזט דו דאָס? געקענט דעם טאַטען דיינעם און דעם זיידען רב וועוויק נאָך, געווען א טייערער איד, און דעם פעטער פיני, אויך געווען א שעהנער איד, און דער פעטער בערקע ליגט אויך דאָ ביי מיר, און די מומע חנה — אַלע גע־קענט, אַלע געשטאָרבען, אַלע פיינסטע מענשען אויסגעשטאָרבען, נישט געבליבען איינער אַ רעכטער; מיינע אויך אוועקגעשטאָר־בען (ער טהוט א זיפץ און א מאַך מיט דער האַנד). פריהער די קינדער בעגראָבען. אַלע קינדער בעגראָבען! כאָכדעם איז זי אַליין אוועקגעשטאָרבען. געווען א צדקת, מיר צו לענגערע יאָהר. מיך געלאָזט אַליין, אויף דער עלטער — נישט גוט.

— נישט גוט? — פרעג איך איהם.

— נישט גוט — מאַכט ער — נישט גוט, נישטאָ קיין מתים.

— נישטאָ קיין מתים? — זאָג איך.

— נישטאָ קיין מתים — זאָגט ער.

— מען האָט אויפגעהערט — זאָג איך — שטאַרבען ביי אייך אין כתרילעווקע?

— וואָס איז שייך שטאַרבען? — זאָגט ער — שטאַרבען שטאַרבט מען, נאָר וואָס? קליינוואַרג, נפל׳עך, אָדער קבצנים; וואָס האָט מען פון זיי? צונויפגענומען אויף תכריכים, נאָכ׳ן ערשטען קדיש שענקען די יתומים א שטיקעל ברויט. וואָס זאָל מען טהאָן? א ברירה האָט מען? אָט ליגען ווייבער אויסגע־צויגען ווי די שררה׳טעם אויף די קברים, וואָס האָט מען פון זיי! וויינען זיך אָן ווי די פויקען? וואָס אַרט דאָס זיי? עס קאָסט זיי געלד? געה פיהר זיי, וויזז זיי, וואו ליגט דער טאַטע, וואו ליגט די מאַמע? וואו ליגט דער פעטער, וואו ליגט

די מוהמע? זייער מאמענס משרת! עס מאכט זיך, איינע
ווייגט אזוי לאנג, ביז זי פאלט גאר חלשות, בעדארף מען זי
נאך מינטערען, געבען א טרונק וואסער, און אמאל א שטיקעל
ברויט אויך. פון וואנען? פון וואס? די גרויסע מחיה? אז
קיין מתים איז נישטא. און לעבען דארף מען, און חתונה מא־
כען איין אייניקעל א יתומה'לע, שוין א מיידעל אין די יאהרען,
דארף מען אויך, און קיין מתים איז ניטא! נישטא האטש לייג
זיך און שטארב! געווען א חתן, שוין כמעט געהאלטען ביי
שדוך טהון. דוקא ניש־קשה פון א יונגענמאן, א פאקענטרעגער,
איין אלמן אפילו, מיט קינדער עטליכע, נאר א בעל־פרנסה, א
שענער פערדינער, דאס הייסט, אז ער לייזט, פערדינט ער.
חתן־כלה זיך שוין אפילו אנגעקוקט אויך; געקומען צו עפים,
שוין געהאלטען ביי תנאים שרייבען, זאגט ער:

„נו, און מכח נדן?" זאג איך: — וואסער נדן? זאגט ער:
„מע האט דאך מיר געזאגט, אז איהר גיט א פיפציגער נדן".
זאג איך: — אלע בייזע חלומות אויף מיינע שונאים'ס קעפ!
א פיפציגער? ווי קומט צו מיר פיפציגערס? איך וועל געהן
גנב'ענען, צי אויסגראבען פרעמדע תכריכים און פערקויפען?...
הקצור הדבר דער שדוך איז געווארען אוים שדוך. און גערעדט
מיט זיי, מיט די כתריליוזקער בעלי־בתים, זיינען זיי נאך גער־
רעכט; זיי זאגען: „רב אריה, איהר זינדיגט, איהר האט קיין
עין־הרע א פרנסה אין האנד"... א שענע פרנסה! אז וואו ס'איז
געווען ערגיץ א לייטישער מת, א פיינער מענש, א שטיקעל נגיד,
איז ער שוין לאנג געשטארבען, און קיין פרישע קומען נישט צו,
נישטא קיין מתים! נישטא קיין מתים!



# אַ סוחר

## פון מיכל קאַפּלאַן.

גערבאָרען אין 1881 אין טשערנאָביל, קיעווער גוב. האָט אָבגעדרוקט זיין ערשטע ליעד אין „יוד" (1900), איז געקומען קיין אַמעריקא אין 1905.

איך קען דאָ א סוחר, א סוחר א היעגען,
ער קומט ניט פון „יוראָפּ" צופאָהרען.
נויארק איז זיין היימאַטה, דאָ איז ער געבאָרען,
און דאָ אויך א סוחר געווארען.

געקליידט איז ער אָרים: אין קורצינקע הייזלעך,
אין לאַנגע, אין קינדערשע זעקלעך.
זיין אויסזעהן — א קלאָהר־ווייס, א מילדעס געזיכטעל,
מיט צאַרטע, מיט בלייכינקע בעקלעך.

דאָס העלזעל צושפּיעליעט, די ארבעל פערקאַטשעט,
עס גיסט איהם דער שוויים פון דעם פּנים.
ער רופט אוים זיין סחורה, איז שרעקליך פערהאַוועט,
און זוכט מיט די אויגלעך בעלנים.

ער פּעדעלט מיט צאָהן־העלצלעך, קוואָס און גאַזעטען,
מיט סם אויף צו ממית'ן פליגען.
און „נאָז־טיכלעך, נאָז־טיכלעך צוויי פאַר א ניקעל!"
הערט איהר פון ווייטען זיין נגון.

ער זוכט קיין חברים. די צייט איז איהם טייער.
ער האַלט זיך מיט זיי פון דער ווייטען.

נאָר ריהרט איהם אָן איינער, דאַן שטעלט ער זיך אָב באַלד
און ברעכט איהם אויף גיך אָן די זייטען.

און ווידער צום האנדעל, ער יאָגט זיך און האוועט,
ער הויבט אָן דעם וועג אייך פערלויפען,
און שטרעקט אויס א צארטע, א נאקעטע הענטעל
און באָט אייך אָן עפּעס צו קויפען.

## די ווינטער־נויט

פון מאָני לייב.

נאָך שלאָפט די גרויע גאס אין קעלט און שניי געשמידט.
דער ווינד, א היימלאָזער, איהם איינעם שלאָפט זיך ניט,
און ווי די גאנצע נאכט טרייבט ער אין גאס זיך אום
און וועהט מיט שניי און שטויב און וואָיעט בייז און שטום.

און אין די מויערען די מענשען ווערען וואך
און קליינע פייערלעך אין פענסטער פינקלען שוואך,
און אויף די מויערען צוציהט זיך ווי א שטריק
א לאנגער הייזעריגער פייף פון א פאבריק.

ווער איז דאָס יענע ערשטע אין דעם נייעם טאָג,
וואָס איז געבליבען שטעהן א ווײלע אויפ׳ן ראָג,
און קוקט זיך אום ארום, מיט אויגען — סם און האס,
און לאָזט אוועק זיך שפּאנען אין דער לייננ פון גאס?

דאָס איז די אלטע, קאלטע גרויע ווינטער נויט,
זי כאפּט זיך אויף די ערשטע שעלטענדיגערהייט,
זי קומט אין גאס די ערשטע, שעלט אזוי און שפּאנט,
און טראָגט אַן עמער קוילען אין איהר דארען האנד.

# אינ׳ם אָרימען קוואַרטאַל

## פון ל. מילער.

געבאָרען אין לאַנאָוויץ, וואָהלינער גוב. אין 1889. געקומען אין אַמעריקע אין 1906. האָט אָנגעפאַנגען זיך דרוקען אַרום 1911. דיכטער.

עטליכע עלענדע, טויט־מיעדע בוימער,
פאַר עפּעס אַ זינד דאָ צושטעלט,
שטעהען גלייכגילטיג, ווי מענשען, וואָס האָבען
אויף אייביג פערשפּיעלט זייער וועלט.

ס׳הענגען די בלעטער פער׳חלש׳ט אַרונטער,
עס דוכט זיך: זיי פאַלען שוין באַלד.
גראָזען פערשטויבטע, פריהצייטיג פערוועלקטע,
געגאַרטעלט אין קאַלטען אַספאַלט.

## פון דער טיעפעניש פון האַרץ

כל זמן עס איז פאַראַן אַ „נידעריגער קלאַס", בין איך אין איהם ;
כל זמן עס איז פאַראַן א „קרימינעלער קלאַס", געהער איך צו איהם ;
כל זמן אן איינציגע נשמה איז געפאַנגען, בין איך ניט פריי.

יודזשין וו. דעבס.



# עס לעשען זיך שטערען...

## פון פרץ הירשביין.

גבוירען אין א דארף פון גראדנער גוב., אין 1880. זיין ערשטע דראמאטישע ווערק איז ערשינען אין 1905. דראמאטורג און דיכטער.

עס לעשען זיך שטערען אין הימעל;
עס לעשען זיך לעבענס אויף דר'ערד —
פאר וועמען ס'איז ליכטיג זיין גורל
און וועמען ס'איז טרויער בעשערט.

עס טרעפען זיך טייכען מיט טייכען:
זיי גיסען אין ים זיך אריין —
און הערצער פערקלעמטע בעזונדער
פערגעהען אין אייגענעם פיין.

און פאלט ווען א שטערען פון הימעל,
דאן האט ער זיין ליכטיגען וועג.
און לעבענס און הערצער פערגעהען
אליין אויף א פינסטערען שטעג.

# קריינדעלע

## פון י. מ. ווייסענבערג.

געבאָרען אין 1881, אין זשעליכאָוו, סעדליצער גוב., פוילען. זיין ערשטע ערצעהלונג איז געווען אָבגעדרוקט אין 1904.



הייסער זומער־טאָג. אין טיפען, בלאָהען הימעל גליהט די זון און עס דוכט זיך, אז זי ציטערט. אויף יענעם זייט פלויט, אויפ'ן בית־עלמין, איז שטיל; די בוימער דרימלען אזוי ווי מיד. דאָס טירעל פון פלויט איז אָפען, אויף יענער זייט שטעהט א ברונען. די טיר פון'ם קליינעם הייזעל איז פערמאכט, די לאָדענס פון די צוויי פענסטערלעך — פערשפארט און פון די שפאַלטען קוקען ארויס גרינע שויבען אויפ'ן ברייטען וועג.

די מיטאָג־ליכטיגקייט ליגט אויסגעגאָסען אויף אלץ.

אויפ'ן וועג זעהט זיך א ביידעל, קוים וואָס עס שלעפט זיך. די רעדער סקריפען איבער דעם גליהענדען זאמד. פאמעליך־פאמעליך פאָהרט זי צו צום פלויט.

די ליינוואנדענע דעק ווערט אריבערגעצויגען און עס בעווייזען זיך קעפ פון עטליכע מענשען. דער ערשטער קריכט ארויס א נידריג, פעט אידעל, מיט פעטע הענד, ברייטע שולטערן און א קליינעם קאָפ, וואָס ליגט אויפ'ן דיקען, האָריגען און שמוציגען האלז. א פנים — ווי א חיה, מיט שווארצע, גליהענדיגע אויגען און א קליין שווארץ בערדעל, א קיילעכדיגס. נאָך איהם ווייזט זיך א דאַרער יונג מיט א פערברענט פנים; ער שפרינגט אראָב פון וואָגען און בלייבט שטעהן אויפ'ן אָרט. ער געהט באַרפוס, אין צוריסענע הויזען און דער דאשעק פון היטעל איז צושפאָלטען אינמיטען. נאָך איינער — מיט א

ברייט פּנים, פול שטורם, מיט אַ געלער באָרד, אָנגעטהאָן אין אַ וואַטען־קאַפּאָטע און לאַנגע ברייטע שטיוועל, ער קריכט אַראָב פון וואָגען מיט שווערע טריט. דערנאָך — צוויי ווייבער, איינע — אַ יונגע, מיט אַ בלאַס, פערשמוצט פּנים, די צווייטע — אַן עלטערע — אָבגעריסען און צושליידערט אָנגעטהאָן, מיט אַ קינד אויף דער האַנד.

דער וואָס מיט'ן שווארצען בערדעל קריכט ארונטער די רעדער, בינדט אויף דעם עמער, שעפּט אָן וואסער פון ברונען און גיט דעם פערד טרינקען.

— ממזר, — ברומט ער אויפ'ן אינגעל, — זאָג דאָרט דעם בלינדען הונט, מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט.

דאָס אינגעל רוקט זיך אוועק הינטער דער ליינוואַנדענער דעק און גיט דאָרט אַ פעסטען זעץ עמיצען, וואָס מען זעהט איהם נישט ארויס, און שרייט דערביי: „בלינדער הונט, גענוג שוין צו זיצען, ווי אַ הוהן אויף די אייער!“

אַ דאַרער מענש, מיט אַראָבגעלאָזענע אויגען־לעפעלעך, קריכט ארויס פון וואָגען פּאַמעליך, פאָרזיכטיג און בלייבט שטעהן. ער גענעצט אָב מיט אַ ברייט־געעפענט מויל, ווערט שטיל און ערנסט און שטעהט מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ.

פון יענער זייט פלויט, נעבען קליינעם הייזעל, בעווייזט זיך אַ איד מיט אַ ווייסליכער באָרד און אַ יארמולקע אויפ'ן קאָפּ. ער זעהט אויס, ווי ער וואָלט ערשט אויפגעשטאַנען פון שלאָף, און רעדט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין:

— אָ! נאַ דיר געסט! די אויגען זיך אויסגעקוקט! מ'דאַרף פערשרייבען אויפ'ן קוימען.

— גאָט העלף, בעל־הבית... — זאָגט דער געלער, מאַכענדיג דערביי אַ משונה'דיג חנ'דעל און קראַצענדיג זיך אין אקסעל.

דער שווארצער קומט אויך צו.

— גאָט העלף! — ברומט ער צו, גיסט אויס דאָס רעשט וואסער אויף די פאָדערשטע רעדער, בינדט צו דעם עמער צום וואָגען, ציהט זיך אויס גלייך און געהמט ארויס פון אונטער

דער דעק א זאך און א פעקעל און גיט עס דער בלאסער אידענע. זי טראגט עס צו צום בעל־הבית, ער נעמט עס אריבער צו זיך.

— ארבעס, — ברומט ער צו זיך, טאפענדיג דאס זעקעל, — ארבעס, א כפרה אויף זייערע קעפ!

— ממזר, — שרייט דער שווארצער אויפ'ן אינגעל, — עפען דאס טויער און פיהר אריין דאסביידעל.

דער וואגען רוקט זיך פון ארט, און דער בלינדער פאלט אנידער אינמיטען וועג, בלייבט ליגען אויפ'ן זאמד און זיפצט.

אין טויער פערטשעפעט זיך דער וואגען אן די בוימלעך און איין ראד סקריפעט שטארק.

— ממזר דו! — קריצט דער שווארצער מיט די צייהן און לויפט צו צום אינגעל מיט כעס, ווי א ווילדע חיה, — ממזר, א ראד צובראכען!

מיט איין האנד הויבט דער שווארצער דאס אינגעל אויף און גיט איהם א ווארף אראב אויף דער ערד. מיט בלוט־פערלא־פענע און ארויסגעזעצטע אויגען קוקט ער א ווייל אן דאס אינ־געל, ווי צומישט. פלוצלונג גיט ער איהם מיט ביידע פויסטען איבער'ן פנים, און דערצו נאך מיט'ן פוס א קלאפ אין הארץ אריין, און דאס אינגעל פאלט צו דער ערד מיט א דערשטיקטען זיפץ. דעמאלט ערשט לאזט ער איהם אב, לויפט צו צום וואַ־גען, נעמט אן פאר די הינטערשטע רעדער און מיט איין נעהם דערהויבט ער דעם וואגען און שטופט איהם אריין אין טויער. דערנאך נעמט ער אן דאס פערד פאר'ן צוים, פיהרט עס אריין אין בית־עלמין. די גאנצע קאמפאניע געהט איהם נאך.

דער שווארצער שטעהט שוין מיט'ן ביידעל אינמיטען בית־עלמין, שפאנט אויס דאס פערד, און לאזט עס געהן אין גראז. דערנאך נעמט ער ארויס פון וואגען א זאק קארטאפעל, שטעלט איהם אנידער אויף דער ערד.

— שיילען, שיילען... — זאגט דער געלער און געהט צו מיט געזונדע טריט צום זאק, ווארפט אן קארטאפעל אויפ'ן גראז, קוקט אויף קריינדעלען, שווייגט, אויף די עלטערע אי־

דענע און ברומט : „האָסטו געהערט, שטיק שלאַק ? דו, ממזר, האָסטו געהערט ?" — ווענדט ער זיך צום אינגעל.

אין א ווײַלע ארום נעמט דער שווארצער ארויס פון בײַדעל א גרויסע לײמענע שיסעל און שטעלט זי אנידער אויפ'ן גראָז, אויף אריינצולײגען די אָבגעשײלטע קארטאָפּעל. ער בויגט זיך איין צו קריינדעלען, נעמט זי אָן פאר'ן אָרעם ; זי קוקט איהם אָן מיט א שטומען בליק.

— קום !... — טײַט ער מיט'ן פינגער אויף אָן אָרט צווישען די בוימער.

פאמעליך און טרויריג שטעלט זי זיך אויף און געהט איהם נאָך מיט א פוילקייט. זיי ווערען פערשוואונדען צווישען די בוימער, ווײַט הינטער די קברים.

ערשט פארנאכט, אז די זון זעצט זיך און בעלײַכט די שפּיצען פון די בוימער, קעהרט זיך דער שווארצער מיט קריינדעלען צוריק צו דער קאָמפּאַניע.

— שוין פאַרטיג מיט'ן עסען ? — פרעגט ער דעם געלען.

דער געלער ענטפערט גאַרנישט, ער זיצט מיט אַן אראָבגעלאָזענעם קאָפּ, ברומט עפּעס צו זיך אליין און פלוצלונג גיט ער א שטויס מיט'ן פוס דאָס אינגעל :

— געה, ממזר !.. ברייגג דעם טאָפּ.

דער געלער גיט א נעהם דעם טאָפּ, פון וועלכען עס געהט א דאמפּף, וואָס פערציהט דעם אינגעלס מאָגער, שווארץ פּנים, גיט איהם א דרעה אין די גרויסע שיסעל אריין, ווארפט אריין צו שטיקער ברויט, נעמט ארויס א פלעשעל אײל, א שאכטעל פעפער, שיט דאָס אלץ אריין אינ'ם שיסעל, און חברה נעמט אריינעסען מיט אלע כחות ; אלע האַפּען, בלאָזען מיט די ליפען, חראַפּען מיט די נאָזלעכער, שלינגען אײַלענדיג און בריהען זיך אָב די צינגער. נאָר קריינדעלע זיצט אָן דער זייט א פערטיאָכטע, זעלטען נור שטרעקט זי אויס די האנד צו נעהמען א קארטאָפּעל.

נאָכ'ן עסען נעמט דער געלער ארויס פוןביידעל א בינטעל שטרוי און שרייט :

— א געלענגער! גיכער, מאכט א געלענגער!... גיכער, ממזר!

— אזא בריה! — ברומט דער שווארצער.

— דו ביסט געשלאָפען! — בייזערט זיך צוהיצט דער געלער — חאפט עם די האַלעריע!

— חאפט דיך אליין די האַלעריע! ווער איז געשלאָפען? איך? קריינדעלע, קריינדעלע, איך בין געשלאָפען, זאָג? זעהסטו, געלער הונד, זי שווייגט.

— ממזר! קריינדעלע! שטרוי אהער! — שרייט אויס דער געלער פון דערוויטען.

די זון איז אונטערגעגאנגען, דער הימעל איז טונקעל. צווישען די בוימער ליגט א פינסטערניש. חברה טהוט זיך אויס, די קאפאָטעס און די שטיוועל לעגט מען צוקאָפּענס, און מען לעגט זיך שלאָפען, די קעפּ איינגעהילט אין יארמולקעס און טיכלעך. דאָס אינגעל אליין נאָר שלאָפט ניט, ער ליגט מיט אָפענע אויגען אנטקעגען הימעל.

* * *

פריהמאָרגען. די זון בעווייזט זיך צווישען די בוימער, קוקט פערטראכטערהייט אויף די שטילע קברים און א גוטער פריהמאָרגען-ווינטעל גלעט דאָס גראָז מיט גרוים ליבשאפט און בענקשאפט.

פון אונטער'ן פלויט הערען זיך טריט. עס עפענט זיך די טיר און א שווארצע מטה רוקט זיך אריין און ווערט פערשוואונדען צווישען די בוימער. אין ווינקעל ביים פלויט הויבט מען וויעדער אָן צו שנאָרכען. דער שווארצער שלאָפט שוין ניט, ער זיצט מיט קריינדעלען און ברומט : „קראנק צו שטארבען ביי טאָג... דוקא בעגינען... בעגראָבען זאָלען זיי אלע ווערען."

ער קוקט אויף קריינדעלען מיט א ווילדען שמייכעל און מיט תאוה-שפּראָצענדיגע אויגען. ער נעמט זי אָן פאר'ן נאקע-

טען אָרעם: „חאַ־חאַ־חאַ" — ברומט ער, ציטערענדיג מיט זיין שוואַרצער באָרד אויף זיין ברוסט — „חאַ, חאַ, חאַ... קראַנק זיינען זיי צו שטאַרבען ביי טאָג, זיי אַלע צום טויט, דיר — צום לעבען... יאַ, קריינדעלע? חאַ־חאַ־חאַ!"

חברה שטעהט אויף פון שלאָף, נעהמט זיך צום עסען. אַלע ווערגען זיך און בריהען זיך פאַר גרויס איילעניש. דאָס איינגעל שטופּט אָב יעדעס מאָל דעם בלינדענס האַנד, אַז ער דערגרייכט שוין מיט'ן לעפעל צו דער שיסעל. דער בלינדער ווערט בייז, דאָס איינגעל לאַכט לוסטיג און די איבעריגע, בעזונדערס די מאַנספּאַרשוינען, שלינגען, חראַפּען און הויבען גיך די לעפעל איבער די פּערלאָזטע בערד.

אָבגעגעסען, שטעלט זיך דער געלער אויס גלייך, ווישט אָב די באָרד מיט'ן אַרבעל און שרייט: „ממזר! העי, בלינ־דער! אין שטאָדט אריין! פרייטאַג, שוין שפּעט!"

די אידענע טהוט אָן אַ טוך, האַלטענדיג דאָס קינד אויף די הענד. דאָס איינגעל נעמט אָן דעם בלינדען פאַר דער האַנד און צוזאַמען מיט'ן געלען געהען זיי אַרויס פון טויער.

קריינדעלע בלייבט איבער אַליין. זי געהט איבער'ן גראָז אַהין און אַהער, פאַרביי דעם אוהל, ווייטער אריין צווישען די ביימער. זי זעהט מצבות, טייל איינגעזונקענע אין דער ערד, טייל צובראָכענע, טייל מיט אָבגעמעקטע אותיות. קריינדעלע זעצט זיך אונטער אַ בוים. זי דערמאָנט זיך אָן איהר מוטער, וועלכע איז אָבגעשטאָרבען, ווען זי איז געוועזן אַ קליין קינד! איינמאָל פאַר נאַכט איז זי געלעגען אויפ'ן גראָז אונטער דער וואַנד פון הקדש, וואָס איז זעהר עהנליך צו דער דאָזיגער וואַנד, דאָס פּנים — בלאַס, די אויגען — ווייט־געעפענטע, גלעטענדיג איהר די האָר, האָט איהר די מאַמע געזאָגט: מיין קינד... געה נישט מיט זיי... בלייב אין שטאָדט צווישען אידען...

קריינדעלע גלאָצט מיט די אויגען לאַנג אויף אַ בוים אַנט־קעגען־איבער. זומער־פויגעלעך יאָגען איינס דאָס אַנדערע, דרע־הענדיג זיך אין דער לופטען... זי לעהנט אָן דעם קאָפּ אויף'ן גראָז און דרימעלט.

* * *

נאָך מיטאָג, אין עק, פאַר'ן קליינעם הייזעל, ליגען זיך דער שווארצער און דער געלער. דער שווארצער איז בייז: אזא בלינ־דער הונד, ער האָט גאָר נישט געמאכט און שלאָפט. ער ווארפט א בליק אויפ'ן געלען: „האָסטו שוין א פלעט אויף שבת?"

— פלעט, — ברומט דער געלער, — א פלעט... פערברענט זאָלען זיי ווערען! דער גבאי, א בראנד זאָל איהם חאפען, ער האָט מיך געוואָלט שיקען צום קירזשנער, ווי דעמאָלט... וואו ביסט דו געווען?

— געווען... חא־חא... דאָ דערביי אין דאָרף... גע'לקח'נט א פוטערעל.. חא־חא..

— וויין נאָר...

— איך האָב עס בעהאַלטען אין שטאָל.

ביידע ווערען שטיל און שלאָפען איין.

פאַרנאַכט קריכט קריינדעלע ארויס פון צווישען די בוימער. אז זי דערזעהט זיי ביידען, גיט איהר גאנצער קערפער א ציטער, און אונגערן דערמאָנט זי זיך: „מיין קינד, געה נישט מיט זיי"...

זי געהט אוועק אין הייזעל אריין: א לעדיג, פיערקאנטיג צימער, דער קאַלך איז ערטערווייז אָבגעקראָכען פון די ווענד, דער באַלקען — שווארץ, שטיקער ליים ליגען ארומגעצויגען מיט דיקען שפינוועבס, ביי דער טיהר שטעהט אן אויסגעקרימט אויבענדעל. אין ווינקעל, קעגען אויבענדעל, ליגט דער בלינדער אויף א בינטעל שטרוי. ווייטער, נעבען וואנד, ליגט א זעג, א גראָבאייזען און א שויפעל; ביי דער טיהר — דאָס טהרה־ברעט.

קריינדעלע זוכט זיך אן אָרט צו זעצען. נאָר פּלוצלונג דערהערט זי שווערע טריט פון פאָדערהויז. זי גיט א ציטער מיט'ן גאנצען קערפער. עס עפענט זיך די טיהר, זי דערזעהט דעם געלען און א לייכטער ציטער נעהמט זי דורך. ער נעהמט זי אין זיינע אָרעמס און ווארפט זי אנידער אין ווינקעל נעבען

בלינדען, אויפ׳ן שטרוי... אין א ווײַלע ארום איז דער געלער ארויס פון הויז און נעהמט געהן אין שטאָדט.

קריינדעלע איז ארויס פון שטוב. קוים האָט זי צונעמאכט די טיהר הינטער זיך, איז איהר אנטקעגנען געקומען דער שוואר־צער מיט א פערשלאָפען פנים און א צושויבערטער באָרד.

— וואוהין געהסט דו, קריינדעלע ?

זי איז געשטאנען פאר איהר שטוב און האָט געציטערט, ווי א בלאַט אין הערבסט.

— קום, קריינדעלע אהער... — און ער נעהמט זי אָן פאר׳ן אָרעם. ער שלעפט זי אריין צוריק אין שטוב און ווארפט זי אנידער.

אין א ווײַלע ארום געהט אויך דער שווארצער אין שטאָדט אריין אלס אורח.

קריינדעלע איז ארויס אויפ׳ן בית־עלמין, אריין צווישען די בוימער און האָט זיך געזעצט אויף א בערגעל. די בוימער באָדען זיך אין א גינגאָלדען גלאנץ. לאנגע ציילען ליכט גיסען זיך איינער אויפ׳ן אנדערען. ביסלעכווייז צוגיסט זיך אויף מערב־זייט א בלאַסליכער שטראָם. דער הימעל ווערט טונקעלער. די שטילע נאכט קומט אָן פאמעליך. אלץ ווערט גראָה, פינסטער, שטיל. דאָס בית־עלמין שלאָפט... און קריינדעלע זיצט שטום, ריהרט זיך נישט און קוקט אויף די ווייטע, נידעריגע הייזלעך, וואָס פינקלען מיט די שבת־ליכט. קריינדעלע פיהלט, אז זיי ווינקען צו איהר, רופען איהר נשמה צו זיך און א בענקשאַפט פערנעהמט איהר הארץ, ביז זי ווערט מיד און שלאָפט איין.

* * *

שפעט ביינאכט איז דער געלער צוריקגעקומען. ביים קליי־נעם הייזעל ליגט חברה און שלאָפט. אויפ׳ן בית־עלמין איז שטיל, ס׳איז פינסטער. דער געלער ווארפט אראָב פון זיך די קאַפאָטע און שטופט זיך אריין צווישען חברה.

אנטקעגען מיטען נאכט איז די לבנה אויפגעגאנגען און בעגאָסען מיט א בלייכען שיין די וואַנד פונ׳ם הייזעל, וואו חברה

ליגען צולייגט אויף דער ערד. אין איין זייט ליגט דאָס אינגעל מיט'ן שווארצען, מאָגערען פנים, פון דער אנדערער — די אי־דענע מיט'ן קינד, ווייטער — קריינדעלע, דער קאָפּ אין א טיכעל איינגעוויקעלט.

אָט האָט זיך דער געלער א ריהר געגעבען. ער עפענט די אויגען, הויבט אויף דעם קאָפּ, רייבט מיטביידע הענד זיין באָרד און רעדט צו זיך. קריינדעלע שלאָפט. ער רוקט זיך צו איהר צו און ריהרט זי אָן מיט דער האנד. קריינדעלע רוקט זיך אָב ציטערענדיג. דער געלער וויל זיך נאָכרוקען נאָך איהר, נאָר האלט זיך צוריק און ווארפט א בליק אויפ'ן שווארצענס באָרד. דער שווארצער מאכט עפּעס א בעוועגונג, לעגט ער צוריק דעם קאָפּ. — קריינדעלע קוקט איהם אין די אויגען אריין, הויבט זיך אויף און אנטלויפט צווישען די בוימער. דער געלער קוקט איהר נאָך, הויבט זיך שטיל אויף, לאָזט דערווייל נישט אראָב קיין אויג פונ'ם שווארצען און געהט אויף די שפּיץ פינגער צו קריינדעלען. ער געהט אין אוהל און טרעפט דאָרט קריינדעלען.

— ארויסגע'גנב'עט זיך, קריינדעלע, אזוי? ארויסגע־גנב'עט זיך! — זאָגט ער און ווארפט זי אנידער אויפ'ן קבר פון אוהל.

דער געלער בעמערקט נישט, אז אין טיר שטעהט שוין דער שווארצער. יענער ווארפט זיך אויפ'ן געלען, חאפּט איהם אָן מיט ביידע הענד פאר'ן האלז; דער געלער ווארפט זיך, רייסט זיך, אז ער ליגט שוין מיט'ן קאָפּ ארויף אויף דער ערד. דערווייל איז קריינדעלע ארויסגעלאָפען פון אוהל. דער שוואר־צער לאָזט אָפּ דעם געלען און לויפט איהר נאָך.

— שטעה! — שרייט ער.

זי איז געבליבען זיצען אויף א קבר, ווי א דערשלאָגען היהנ־דעל, וואָס נעהמט צוזאמען די פליגלען און לאָזט אראָב דעם קאָפּ... דער שווארצער געהט צו:

— אנטלויפען? נישט אנטלויפען וועסטו — הערסט? קיינמאָל נישט!

פון צווישען די צווייגען פאלט א בינטעל שטראהלען פון

דער לבנה און בעלייכט א מצבה, דאָס בערגעל גראָז און צוויי קעפּ, וואָס ליגען דאָרט, ארומהאַלטענדיג זיך אין די נאקעטע אָרעמס.

* * *

חברה האָט שוין איינגעפּאַקט אַלץ אויפ׳ן וואָגען, שטעהען שוין גרייט אוועקצוזעצען זיך, נאָר זיי וואַרטען אויף קריינדע־לען. עס קומט אָן דאָס אינגעל און זאָגט אָן, אַז ער האָט ניט געקענט געפינען קריינדעלען. דער שווארצער נעמט אָן דעם געלען פּאַר׳ן ארבעל און זיי געהען צוטראָגען ארוף אויפ׳ן בית־עלמין. באַלד קומען זיי צוריק, רעדען צווישען זיך קיין וואָרט נישט, נאָר זייערע אויגען גלאַנצען און זיי קוקען איינער אויפ׳ן אנדערען צומישט און בייז.

— קום! — שרייט דער שווארצער.

— קום! — ברומט צו דער געלער.

ביידע לויפען אין שטאָדט אריין. זיי לאָזען זיך איבער דער שטאָדט, לויפען אויס אַלע גאַסען, זוכען אין אַלע בעהאַלטענע ווינקעלעך, אין מקוה — ניט געפונען. לויפען זיי אין דער ווייבערשער שול אריין. זיי זוכען, קלאַפּען, דרעהען אום אַלע בענק און עמודים. פּלוצלונג דערזעהט דער געלער — אין א ווינ־קעל רוקט זיך עפּעס צווישען די שמות. ער געהט צו, טאַפּט — קריינדעלע! זי ציטערט, הויבט אויף דעם קאָפּ און קוקט איהם אָן מיט א בליק פון א הוהן, ווען דער שוחט פּליקט די פעדערען איהר פון האַלז.

ביידע נעהמען זי אָן, דערהויבען זי אין דער לופט און לויפען מיט איהר ארויס אויף דער גאַס.

— אידען, געוואַלד! ראַטעוועט, אידען! — שרייט קריינ־דעלע.

עס לויפען זיך צוזאַמען פון אַלע זייטען מענער, ווייבער און קינדער.

— ראַטעוועט, — שרייט זי, — ראַטעוועט א זינדיגע נשמה!

דער עולם ווערט וואָס אַמאָל גרעסער, ביז צום סוף שלאָגען זיי אָב קריינדעלען פון זייערע הענד.

* * *

פון יענער צייט אָן האַלט זיך קריינדעלע אויף אין דער שול. יאָהרען קומען, יאָהרען געהען, קריינדעלע ווערט עלטער און איז צופריעדען פון איהר לעבען און פון איהר ווינקעל אין דער שול. א שבת אָדער א יום־טוב, ווען עס קומען א סך אויסגע־פוצטע ווייבער, ווייזט זי זיך נישט, נאָר אין דער וואָכען, אז קיינער איז נישטאָ, זיצט זי זיך אויף א באַנק אין א ווינקעל. טיילמאָל הויבט זי זיך אויף פון אָרט, געהט ארום צווישען די שטענדערס און קומט צוריק אין איהר ווינקעל און זיצט. גאַנץ אָפט שטעהט זי שעה'ן גאַנצע ביי'ם פענסטעריל און קוקט אין בית־המדרש אריין אויפ'ן ארון־הקודש.

אַמאָל, מיטאָגצייט, נעהמט זי חלב'נע ליכט, צושטעלט זיי אויף אַלע שטענדערס, צו עטליכע אויף יעדען און צינדט זיי אָן. זי נעהמט ארויס דאָס פעקעל מיט די תכריכים, וואָס זי האָט זיך צוגעגרייט, טהוט זיי אָן און שטעהט אזוי צווישען די ברע־נענדיגע ליכט.

די ווייסע חברה שטיפט אין בית־המדרש און דערזעהט קריינדעלען אין ווייסען אָנגעטהאָן; לויפען זיי ארויס אויפ'ן חזיר־מאַרק, כאַפּען דעם ווייסען באָק, נעהמען איהם פאַר די הער־נער און פיהרען איהם צו דער ווייבער־שול צו. דערנאָך נעה־מען זיי מיט גוואַלד קריינדעלע'ן אין די תכריכים און זעצען זי ארויף רייטענדיג אויפ'ן באָק. חברה פיהרט דעם באָק פאַר די הערנער, אַנדערע האַלטען אונטער קריינדעלע'ן אויפ'ן באָק, זי זאָל זיצען גלייך און מען פייפט, שרייט — דאָס פיהרט מען קריינדעלע'ן איבער אַלע גאַסען.

# אין זאָאָלאָגישען גאָרטען

פון לייוויק האלפער.

נאַכט און רעגען. אַלע חיות
רוהען שוין אין שטייג,
נור דער פלינקער אייכענהאָרן
שפרינגט פון צווייג צו צווייג.

לעדיג אַלע בענק, אַלעען,
אַלע וועגען — נאַס,
קומען, ווילען זיך בעהאַלטען
היימלאָזע פון גאַס.

זעצט זיך איינער אויף אַ באַנק אויס
און פון פנים ניסט,
זיינע הענד האָבען זיך נור וואָס
ווי געשאַרט אין מיסט.

קוקען ערגעץ, ווי דורך גראַטען
זיינע אויגען טויט,
און פון מויל איהם אויף די גראָזען
פאַלט אַ שטיקעל ברויט.

נאַכט און טרויער. פון די בוימער
שיט אַ רעגען־שטויב,
און פון שלאָף אין שטיינ נאָר פלוצלונג
גיט אַ שפרונג אַ לייב.

# אין דער פינסטער

## פון פרץ הירשביין.

פערזאָנען: פ י י וו ע — אַ גאַס־מענש. פ ע ש ק ע — זיין טאָכטער. פ י י ג ע — פייוועל'ס מוטער, בלינד. א ב ר ה ם'ל — אַ יונגער קוימענקעהרער. ב י י נ י ש — אַן אַלטער טרעגער.

פ י י ג ע (טאַפּט און זוכט): ארוים, ווייסט אויס, פון שטוב. נור אַנדרעמעלט געוואָרען און דאָס איז שוין ארוים... קאַלט דער אויבען, נישט דערלעבט זיך אָנצואוואַרעמען... פינסטער (פּלאָנ־טערט זיך אַרום אין דער פינסטער) פּעשקע! הא? ארוים! ס'א־ראַ לעבען! הור־הור־הו... אבי נישט איינגאַנצען אין דער ערד (די טהיר עפענט זיך, עמיצער קומט אריין). ווער געהט? הא, ווער געהט? ביינישׂ?

ב י י נ י ש: גוט אָבענד! דאָס בין איך.

פ י י ג ע: ביינישׂ?

ב י י נ י ש: איך בין עס. גאָר אין דער פינסטער?

פ י י ג ע: בעדאַרף איך דען ליכט? איך זוך, פּעשקע איז נור וואָס געוועזען אין שטוב. אַנדרעמעלט געוואָרען. שטאַרק פינסטער, וואָס?

ב י י נ י ש: שטאַרק פינסטער. ס'איז ביי אייך קאַלט, גע־מיינט די ביינער אביסעל אָנוואַרעמען.

פ י י ג ע: אַ שטאַרקע קעלט?

ב י י נ י ש: אַ מורא'דיגע קעלט: נאָר נישט איינצו־שטעהן.

פ י י ג ע: פערדיענט וואָס?

ב י י נ י ש: אפילו דעם שטריק פון זיך נישט אָבגעבונ־דען... קאַלט. מסתמא נישט געהייצט היינט?

פ י י ג ע: געהייצט, ווי דען?

ב י נ י ש: מיט שפּענער מסתמא?

פ י י ג ע: מיט גראָבע שייטער האָלץ, אַליין זיי מיט מיי־נע הענד געזעהן.

ב י י נ י ש: גאָר א מורא'דיגער פראָסט!

פ י י ג ע: פינסטער, חושך!

פ י י ג ע: דאָרט אויפ'ן טיש דאַרף שטעהן א לאָמפּ.

(זיי געהען ביידע אין צווייטען צימער.)

ב י י נ י ש: אויפ'ן קוימען?

פ י י ג ע: דאָרטען ליגען זיי אמאָל... ס'וויל אין שטוב נישט איינזיצען, אפשר שלאָפט זי ערגעץ — זיי מוחל, טהו א קוק.

ב י י נ י ש: ווער?

פ י י ג ע: פעשקע. זי זיצט אין שטוב. געהט אָן שיך.

ב י י נ י ש: קיינעם נישט צו זעהן, פינסטער — א גע־פענגניש.

פ י י ג ע: בין איך, הייסט עס, לאַנג געשלאָפען. ס'שלאָפט זיך שוין, די ברעמען לאָזען זיך אראָב בעצייטענס. נישט גע־פונען?

ב י י נ י ש: כ'וויים נישט, וואו צו זוכען, א מורא'דיגער פראָסט געוועזן. אז זי פערדינגט נישט, כאַפּט שוין גאָר פאר'ן הארצען.

פ י י ג ע: נישטאָ, קען אין שטוב נישט זיצען. ביי טאָג איז דאָ געוועזן ווער אין שטוב, מען האָט זיך געשושקעט... זאָל עס אבראַמטשיק זיין? נישט צו דערגעהן געוועזן.

ב י י נ י ש: אי, וואָלט איך ביי איהר דערגאַנגען! וואָס זאָגט פּייווע? און די שטריק?

פ י י ג ע: אויף א יונג לייב די שטריק איינדרעהען, טהוט וועה... ס'וויל דעם יאָך אויף זיך ניט שלעפּען, זאָל איך איהר דעם יאָך אָנהענגען?

ב י י נ י ש: אָבער ווי לאָזט עס א מויד די באָבע אין דער פינסטער? פּייווען דאַרף מען אביסעל אונטערטרייבען, כ'וועל איהם באָרגען מיין שטריק.

פ י י ג ע: ער האָט זיין איינענעם שטריק, הו־הו־הו.
(אין צוווייטען צימער ווערט מיט אמאָל ליכטיג.)

פ ע ש ק ע (קומט מיט אָן אָנגעצונדענער שוועבעלע).

ב י י נ י ש: גאָר! דאָס איז זי, גאָר ניט געוואוסט.

פ ע ש ק ע: בעווייזט מיר נור, ביניש, אייער שטריק. איהר ווילט איהם בארגען דעם טאטען — איהר קענט איהם דאָך אליין פון זיך ניט אפּבינדען.

פ י י ג ע: כ׳האָב געמיינט, ביזט ערגעץ וואו געגאנגען. מאך פייער, מיין קינד.

פ ע ש ק ע: וואוהין זאָל איך געהן בארפוס אין א פראָסט?

ב י י נ י ש: אונטער׳ן טיש האָט זי זיך בעהאלטען מסתמא. אומעטום געזוכט, האַ־האַ־האַ, אלץ האָט זי געהערט, אבי אן אמת גערעדט. דער טאטע האָט רחמנות אביסעל.

פ ע ש ק ע: ער האָט רחמנות.

ב י י נ י ש: איז ער א נאַר, קינדער מוז מען שלאָגען.

פ ע ש ק ע: ווי גוט איז אייך, ביניש!

ב י י נ י ש: נו, נו, איך האָב חוזק געמאכט.

פ י י ג ע: האָסט גאָרניט חוזק געמאכט, ביניש.

ב י י נ י ש: אויף א טאטען דארף מען זיך ניט אָנלעגען.

פ ע ש ק ע: איהר מיינט, כ׳ווייס נישט, אז איהר האָט גערעדט מיט׳ן טאטען? ביניש מיינט, אז מיט זיינע שטריק וועט ער קענען העלפען דעם טאטען מיך צובינדען.

פ י י ג ע: צינד בעסער אָן א ליכט.

פ ע ש ק ע: כ׳קען אין דער פינסטער אויך זיצען (זי צינדט אָן א שוועבעלע). איהר וואָלט האָבען אייגענע קינדער, וואָלט איהר שוין גאָר אנדערש גערעדט.

ב י י נ י ש: איך וואָלט זיי נישט נעשאנעוועט. פאַר צינדען שוועבעלעך אומזיסט, וואָלט איך די פינגער געבראָכען... איך לאך, נאר!

פ ע ש ק ע: מיר איז אלץ איינס. מיינע קליידער זיינען

אויפ׳ן וואנד צופוילט געוואָרען פון שימעל, ווי לאנג וועל איך נאָך דאָ זיצען? ביז מיינע זייטען וועלען אָנהויבען פוילען? לעבעדיגערהייט פוילען וויל איך נישט און — כ׳וועל נישט (זי רייבט אָן אַ שוועבעלע).

פ י י ג ע : נישט צינד אומזיסט, נישט צינד... נאריש קינד! וואו מען ווערט געבוירען, דאָרט ווערט מען פערלוירען. אין קעלער האָט דיך די מאַמע געבוירען, וואָס נישט? נאָך נאַסער ווי אין דעם געוועזן: די ווענט מיט שימעל בעדעקט, פאר׳ן בעט מיט זעק פערהאנגען, די זעק צופוילט געוואָרען, דו האָסט געלאַכט, געקלאַפּט מיט די פיסלאך און געלאַכט. אנדערע קינדער הויבען גאָר פריה אָן צו לאַכען. הויבט עס נאָר אָבער אָן צו רעדען, לאַכט עס שוין ניט מעהר, וויינט עס...

פּ ע ש ק ע : איך וועל איצט מעהר נישט וויינען... וויינען — מעהר נישט!

ב י י נ י ש : וועסט נאָך וויינען אין די פויסטען; בעגראָבען דעם קאָפּ אין קישען און וויינען... ביי מיר איז וואַרעמער — אַ גוטע נאַכט!

פּ ע ש ק ע : ער האָט אפילו קיין שכל נישט אַ געלעכטער צו מאַכען, רייצט אָן דעם טאַטען.

פ י י ג ע : דער טאַטע איז איצט אויך נישט שלעכט. צרות, מיין קינד, מאַכען שלעכט.

פּ ע ש ק ע : ער קען דאָך נישט זעהן אפילו, אַז איך הויב אויף ד׳עם קאָפּ.

פ י י ג ע : אַז זיין קאָפּ, מיין קינד, ליגט איהם צעהן איילען אין דער ערד. צי לאַכט ער אַמאָל — כ׳הער נישט. צרות נאַגען, מען לעבט אין קבר. דוכט זיך, כ׳זעה נישט, אין די אויגען פינסטער. איז דען אַ חלוק, וואו איך זיץ, אויבען צי אונטען? אלץ איינס. דוכט זיך, ניין! אָבער ניין: שפּיר איך מיט מיינע בלינדע אויגען, אַז כ׳ליג אין גרוב. הו־הו־הו, ביזט נערעכט, מיין קינד, ביזט נערעכט. כ׳וועל דיך מיט מיינע

הענד בעשירמען, דער טאטע וועט דיך ניט ריהרען, כ'וועל איהם ניט לאזען... כ'וועל איהם זאגען...

פעשקע: וואס האסטו דען איהם צו זאגען?

פייגע: כ'וועל איהם זאגען, מיין קינד, אן עלטער קינד בעדארף מען שאנעווען, מען דארף פאר דעם דרך ארץ האבען. ער קען נישט זעהען, מיין לעבען, אז דו געהסט אום לעדיג. א מענש, אז ער טרינקט זיך, איז איהם אפילו א שטרויעלע שווער אויף זיך צו האלטען. וואו ביסטו, מיין קינד?

פעשקע: אט בין איך.

(זי צינדט אן א שוועבעלע).

פייגע: אז דו מאכסט פייער, דוכט זיך מיר, אז איך זעה דעם גאנצען קעלער.

פעשקע: זעהסט נישט, באבע, אז קיינער פון אונזערע זעהט נישט (ס'ווערט ווידער פינסטער).

פייגע: זעהסטו, אט האב איך בעמערקט, אז עס איז ווידער פינסטער געווארען.

פעשקע: כ'וועל דיר מאכען באלד ווידער ליכטיג.

(רייבט א שוועבעלע).

פייגע: א שאד, א שאד, געוויס מערק איך, אלץ מערק איך, אפילו דיך מערק איך (אין א ווייל'ע ארום). די שטוב לעדיג, קריג כאטש נוארעמע וואסער, ער וועט קומען פון גאס א צו־פראהרענער.

פעשקע: וואס וועט פון'ם ביסעל וואסער ארויסקומען? זאל שוין זיין, וואס עס וויל, איך האב נישט געקענט. באבע, איך האב מעהר נישט געקענט. פון הונגער שטארבען, אבי נישט לעבעדיג פערפוילט ווערען. אך, באבע, באבע!

(זיווארפט זיך צו דער אלטער אויפ'ן האלז).

פייגע: דו ביזט שוין אזוי לאנג פון פאבריק און דער טיטון האט נאך נישט אויסגעוועבט.

פעשקע: די ביטערניש וועט זיך שוין הערען פון מיר, צייט איך וועל לעבען. זאג מיר, באבע, פארוואס איז אזא יונג־

בלוט, ווי איך, אזוי אומעטיג?... באָבע, מיר איז אומעטיג, כ'וועל אפשר אויסגעהן פאַר אומעט!

פ י י ג ע: ביזט, מיין קינד, זעכצעהן יאָהר אלט — און איך — זיבעציג. שווער איז צו פערמאַכען די אויגען. פער־מאַכט מען זיי שוין יאָ — פאַלט פון הארצען אַ שטיין אראָב. דיר איז אומעטיג, און מיר איז פינסטער.

פ ע ש ק ע: מיינסט, באָבע, כ'פויל זיך צו ארבייטען; כ'בין נישט פויל, באָבע! אלץ אין דער וועלט וואָלט איך גע־טהון, אבי מיר זאָל גרינגער ווערען.

פ י י ג ע: מאַך זיך, מיין קינד, אַ וועג פון דאַנען ארויס־צוגעהן.

פ ע ש ק ע: אַך, באָבע, ווען דו זאָלסט וויסען, ווי אָט דאָ קלעמט מיר; עס רייסט מיך מיט אייזערנע קאַמען... די מאַמע פלעגט מיך פאַר די האָר רייסען. איך בין קליין געווען, כ'האָב נישט פערשטאַנען פאַרוואָס און זי האָט מיך פאַר די האָר גערוי־סען... זאָג, איז איהר גרינגער געוואָרען, אז מיר האָט וועה גע־טהון?

פ י י ג ע: זי האָט זיך אליין ס'הארץ געריסען. איך ווייס, ווי דיין מאַמע האָט דיך ליעב געהאַט. זי איז פון הונגער גע־שטאָרבען, דיך האָט זי מיט קאַרטאָפעל געקאָרמעט, און אליין די שפּייעכץ געשלונגען, די טרעהרען געשלונגען... (שווייגט אַ ווײַלע). אַ מאַמע קען אַלץ. אַ מאַמע קען פאַר דער צייט אין דער ערד אריינגעהן. ווען דיין מאַמע האָט געוויינט איבער דיר, ווען דו האָסט, ניט היינט געדאַכט, געפּאַקט און געמאָזעלט, און ווען די צרה האָט זיך אין האַלז אריינגעקליבען, האָסטו שוין נישט געהערט... איך האָב געהערט... מיט מיינע בלינדע אויגען. און מיין לייב האָט געברענט... איז דען דיין מאַמע נישט מיין טאָכטער געווען?... מיט מיינע בלינדע אויגען האָב איך גע־שפּירט, ווי עס געהט איין, עס געהט אויס ווי אַ ליכט... הו־הו־הו — דיר איז אומעטיג! וואָלטען זיך מיר מיינע אויגען גע־עפענט — ווי אַ קליין קינד וואָלט איך געכליפּעט... (שטיל).

פ ע ש ק ע : כ'בין אין פאבריק געגאנגען און געפוילט אין דער ביטערניש און פון אלע זייטען זיצען פערגעלטע, פערגרינטע פנים'ער, שווייגען און פוילען און איך שווייג אויך. ווי אומעטיג, אז א ליכט געהט אויס און שמעלצט זיך. און אז מענשען געהען אוים, בויגען זיך און פאלען אום — פאלט אן אימה אן. א פחד איז אויף מיר אנגעפאלען, באבע! צי בין איך אומגערעכט, וואס איך אנטלויף פון פייער, איך זאל זיך ווי א ליכט נישט צושמעלצען?... אז איך זעה, ווי מיין פנים ווערט געל, ווי א בלעטעל אין הערבסט, האב איך מורא... און דא איז נאך ערגער... זאג, באבע, צי פיהלסטו גארנישט, זיצענדיג אין קעלער, אז דאס גרויסע מויער ליגט אויף דיר, אויפ'ן קאפ און דריקט דיך?

פ י י ג ע (קושט פעשקע'ן): אך, היינטיגע קינדער! ווי זיי פיהלען דאס דעם וועהטאג! אין דיינע יאהרען האט מיין לייב אלץ געשפירט, ס'האט וועה געטהון — אונערבארעמדיגע יסורים, מען האט מיר מיינע גליעדער געבראכען, כ'האב די ליפען פערביסען — ביז בלוט, פאר יסורים פערביסען און גע־שווינען. כח איז געווען מעהר, צום שווייגען — גבורה געווען, די גבורה איז ביי די היינטיגע נישטא... הור־הור־הו — יסורים, יסורים און קיין גבורה איז נישטא.

א ב ר ה ם ' ט ש י ק (קומט אריין): גאר אין דער פינסטער זיצט איהר? איז ווער דא?

פ ע ש ק ע : קום אהער, אברהם'טשיק.

פ י י ג ע : מיר האבען זיך פערדערט און קיין פייער נישט אנגעצונדען.

א ב ר ה ם ' ט ש י ק : אין דער פינסטער זעהט מען נישט, ווי מיין פנים איז פערשמירט.

פ ע ש ק ע : ס'איז קאלט אין דער גאס?

א ב ר ה ם ' ט ש י ק : א פראסט א שטארקער.

פ ע ש ק ע : צינד אן דאס לעמפעל, מיר איז קאלט אין די פיס, כ'געה בארפוס.

א ב ר ה ם ' ט ש י ק : (ער צינדט אן א קליין לעמפעל און

לאָזט עס שטעהן אויפ'ן טיש, דעם קעלער הילען שאָטענס איין).

פ י י ג ע: שוין ליכטיג?

א ב ר ה ם ' ט ש י ק: וואָס האָט איהר זיך אזוי ביידע צוזאמענגעדרעהט?

פ ע ש ק ע (בעפרייט זיך פון דער אַלטער; איהר געזיכט איז בלאַס): מיר האָבען זיך געוואָרימט. אוי, ביסטו שוואַרץ! וואש אָב דיין פנים!

א ב ר ה ם ' ט ש י ק (ער קוקט איהר א צייט אין די אויגען, וואַשט זיך).

פ י י ג ע: פונדעסטוועגען, מיין קינד, מאַך פייער. אפשר וועט ער וואָס ברענגען פון גאַס, וועט מען פערקאָכען.

א ב ר ה ם ' ט ש י ק: נו, איצטער בין איך שוין ווייס?

פ ע ש ק ע: ביסט נאָך אַלץ פערשמירט.

(זי פאַלט איהם אויפ'ן האַלז. א ווײַלע שטיל).

פ י י ג ע: מאַכסטו פייער?

פ ע ש ק ע (סוד'עט איהם אויפ'ן אויער. זי קוקט אויף דער אַלטער, רעדט הויך): איז א שטאַרקער פראָסט, זאָגסטו?

א ב ר ה ם ' ט ש י ק: א פראָסט און א ווינד.

פ י י ג ע: שטעלסטו וואָס צום פייער? דער טאַטע וועט קומען, זאָל ער ניט זיין אין כעס.

פ ע ש ק ע (זאָגט אברהם'טשיקען וואָס, ער ציטערט אויף, זי בע־פרייט זיך פון איהם און בלייבט שטעהן צושטרייט): א לעדיגע שטוב, א לעדיגע שטוב...

א ב ר ה ם ' ט ש י ק (ער געהט צו צו פעשקע'ן).

פ י י ג ע: אברהם'טשיק איז שוין אוועקגעגאַנגען?

א ב ר ה ם ' ט ש י ק: איך בין דאָ (ער רעדט איהר וואָס אויפ'ן אויער).

פ ע ש ק ע (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין, רעדט הויך צו דער אַלטער'ס זייט): ווי ליכט האָבען זיי זיך געשמאָלצען אַנט־קעגען פייער און פון טאָג צו טאָג איינגעגאַנגען... כ'האָב ניט געוואָלט פאַר דער צייט אין דער ערד אריינגעהן... איך וויל נאָך

לעבען. אָבער איך בין אויפגעשטאַנען פון שלאָף און דערזעהן, אז מיינע קליידער זיינען צופוילט געוואָרען, אויפ'ן וואנד הענ־גענדיג.

(זי בעגראָבט איהר קאָפּ אין זיין ברוסט, און איהר קערפּער ציטערט פאַר געוויין).

פ י י ג ע: קינדער, דער טאַטע וועט קומען.

פּ ע ש ק ע: איידער דאָס איך זאָל נאָך דער צייט אָנ־הויבען צו זעהען אַלץ, וואָס ארום טהוט זיך, איז גלייכער...

פ י י ג ע (שלאָגט זי איבער): כ'האָב גור מורא, פייווע וועט קומען.

פּ ע ש ק ע: זאָל ער קומען, זאָל ער מיין לייב מיט זיינע פיס טרעטען.

א ב ר ה ם 'ט ש י ק: קיין מענש אין דער וועלט דאַרף זיך ניט לאָזען מיט די פיס טרעטען, אפילו אנטקעגען אַן אייגענעם טאַטען וואָלט איך זיך געשטעלט.

פּ ע ש ק ע (דריקט איהם צו זיך און קושט איהם שטיל): ניין, ניין, ביזט ניט גערעכט, מיין מאַמע האָט מיך געלאָזען אליין... (וויינט, בלייבען ביידע געאָרעמט).

א ב ר ה ם 'ט ש י ק (ווישט די טרעהרען).

פ י י ג ע: וויינט נישט. מענשען, וואָס האָבען ליכטיגע אויגען, טאָרען נישט וויינען. כ'האָב געזעהען מאַמעס, זייערע באַקען זיינען געל געוואָרען פון צופיעל וויינען אין דער יוגענד. געבליבען פלעקען אויפ'ן גאַנצען לעבען...

פּ ע ש ק ע: ביי מיר וועלען קיין געלע פלעקען ניט בלייבען...

פ י י ג ע: אברהם'טשיק! ביסט מפרנס דיין מאַמען, דיין מאַמע האָט דיך ליעב. אז מען האָט אַ מאַמען, וואָס זאָל ליעב האָבען, איז שוין גענוג.

פּ ע ש ק ע (קושט און האַלזט אַברהם'טשיקען. זי גיט איהם אַ וואונק ער זאָל אַוועקגעהן. רעדט הויך): דער טאַטע וועט באַלד קומען!

פ י י ג ע : ווער וויינט עס אין דער שטיל ? ווער וויינט ?

א ב ר ה ם ׳ ט ש י ק (ווינקט וואָס צו פעשקע׳ן) : א גוטע נאכט, כ׳וועל נאָך היינט, אפשר, נאָך א מאָל קומען (בלייבט נאָך א ווײַלע ביי׳ם טיר).

פ י י ג ע : געה געזונד, מיין קינד.

פ ע ש ק ע (שטעהט נעבען אויוועז צוטראָגען).

א ב ר ה ם ׳ ט ש י ק (געהט ארויס ניט אָראָבנעמענדיג די אויגען פון פעשקע׳ן. שטיל).

פ י י ג ע : הו־הו־הו... (אין א ווײַלע) : מיין קינד, דו ביסט הונגעריג, מאַך פייער אין אויוועז.

פ ע ש ק ע : ניין, באָבע, איך בין נישט הונגעריג.

פ י י ג ע : דיין קול ציטערט.

פ ע ש ק ע : ניין, באָבע, כ׳בין נישט הונגעריג.

(א שווערע שטילקייט).

פ י י וו ע (קומט אריין. ער איז אויפגעדרעהט פון קעלט, לעגט אויפ׳ן טיש א לאַבען שוואַרץ ברויט, דרעהט זיך ארום אין שטוב).

פ י י ג ע : פייווע ?

פ י י וו ע (שווייגט, זעצט זיך ביי׳ם טיש אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנד).

פ ע ש ק ע (קוקט איהם אָן, שטעהענדיג ביי׳ם אויוועז).

פ י י ג ע (הויבט זיך אויף פון איהר אָרט) : פייווע, דו ביזט דאָך געקומען, הא ? פעשע, דער טאַטע איז געקומען ?

פ ע ש ק ע : יאָ.

פ י י ג ע : לעג אָן א פייער, פעשע. האָסט עפּעס גע־בראַכט, פייווע ? ביזט אודאי הונגעריג. זי זיצט אויף אומ־געגעסען.

פ י י וו ע : ברויט ליגט אויפ׳ן טיש.

פ י י ג ע : ברויט, ברויט, וואָס איז די פּעולה...

פ י י וו ע : לאָז, מאַמע, צורוה.

פ י י ג ע : דער מאַמע׳סביידע אויגען טהוען וועה.

פּעשקע: פאַר מיר דאַרף זיך נישט, באָבע.

פּייגע: האָסט געבראַכט ברויט, האָסטו, — א פרעהליך פּנים צו איהם וואָלסטו געבראַכט. א פּאָר ווערטער גוטהאַרציגע וואָלסטו געבראַכט. — ברויט אָהן צער — שעהן איז דאָס?

פּייווע: סם מיר נישט מיין בלוט, מאַמע!

פּייגע: עס ליגט ברויט אויפ'ן טיש — פאַרוואָס עסט מען נישט?... אַ וואָס שווייגט איהר? א שטוב מיט מענשען און עס איז שטיל...

פּייווע (קוקט אָן די אַלטע מיט אויפגערעגטע אויגען).

פּייגע: אז דו שווייגסט, ווייס איך שוין גאָרנישט, וואָס ביי דיר אויפ'ן האַרצען איז.

פּייווע (בעהאַלט זיין קאָפּ אויפ'ן אָרעם).

פּייגע: פּייווע, רעד זיך אויס פאַר מיר, כ'בין דאָך דיינע א מאַמע.

פּייווע (שרייט פּלוצלינג מיט גרויסע שמערצען אויפ'ן געזיכט): מאַ־מע! מאַ־מע!

פּייגע: רעד, רעד...

פּייווע: נ־ניין, כ'קען נישט...

(ער געהט אַרויס פון שטוב).

פּייגע: וואוהין טראָגסטו דיין ביטער האַרץ, מיין קינד? (בלייבט שטעהן אין מיטען שטוב).

פּעשקע (געהט ארויס אויף דער גאַס און קומט שנעל אריין צוריק).

פּייגע: ווער איז עס?

פּעשקע: דאָס בין איך.

(שטיל).

פּעשקע געפינט א שטריק, און וועהרענד די אַלטע רעדט, ציהט זי איהם דורך איבער'ן רעהר פון אויוועו. זי מאַכט אַ שלייף. די הענד איהרע ציטערען).

פּייגע: דער ברויט ליגט אויפ'ן טיש. ווער קען איהם

צום מויל נעהמען ?... כ׳שפּיר, ווי דער באַלקען בויגט זיך נידרי־
נער אַראָב איבער מיין קאָפּ... וואָס טהוסטו, פּעשקע ?

פּ ע ש ק ע : מיר חלומ׳ט, באָבע.

פּ י י ג ע : וואָס, מיין קינד ?

פּ ע ש ק ע : אז דאָס לעבען ווערט גרינגער און ליכטיגער
(וואַרפט זיך דער אַלטער אויפ׳ן האַלז).

פּ י י ג ע : דו ציטערסט, מיין קינד.

פּ ע ש ק ע (קושט די אַלטע) : מיר חלומ׳ט זיך, באָבע.
(ביידע בלייבען שטעהן ארומגענומען. שטיל).

פּ י י ג ע : פאַרוואָס קלאַפּט אזוי שטארק דיין הארץ, מיין
קינד ?

פּ ע ש ק ע : פאַר שמחה, באָבע.
(שטיל).

פּ ע ש ק ע (בעפרייט זיך פון דער אַלטער. זי געהט צו שטיל
צום טיש און הויבט אָן לאַנגזאַם אַראָבלאָזען דעם פייער פון לאָמפּ,
בעמיהענדיג זיך, די אַלטע זאָל ניט מערקען).

פּ י י ג ע (שטעהענדיג אין מיטען שטוב, רעדט ווי צו זיך
אליין) : דאָס ליכט לעשט זיך... דאָס ליכט לעשט זיך...



# כ׳בין פון שטאָדט צו שטאָדט געגאַנגען

פון ב. לאַפּין

געבאָרען אין אַ דאָרף פון גראָדנער גוב. אין 1887. האָט אָבגעדרוקט זיין ערשטע ליעד אין 1907. האָט געוואַנדערט די לעצטע יאָהרען איבער אַרגענטינע, טשילי און אַמעריקאַ.

כ׳בין פון שטאָדט צו שטאָדט געגאַנגען,
שטעגען, וועגען אויסגעטראָטען,
און כ׳האָב איינציגווייז די יאָהרען
אויף די וועגען אויסגעשאָטען;
און כ׳האָב איינציגווייז די טרוימען
אויף די דערנער אויסגעהאַנגען;
און פערזאָגט האָב איך מיין הארצען,
עס זאָל גאָרנישט מעהר פערלאַנגען.
און כ׳וועל ווארטען ביז דער טויט וועט
מיר דאָס גאַנצע בלוט אויסזויגען,
און אַ שווארץ־פערהילטער מלאך
וועט פערמאַכען מיינע אויגען...

# דער קעניג־הונגער

## פון לעאָניד אַנדרעיעוו.

געבאָרען אין אָריאָל, רוסלאַנד, אין 1871. בעוואוסטער מאָדערנער רוסישער שרייבער און דראַמאַטורג.

אין דעם בילד, וואס מיר ברייגגען דאָ ווערט דער קעניג־הונגער אַ פאָרזיצענדער פון אַ טריבונאַל, וואָס משפט זיינע אומגליקליכע קרבנות.

דער זאַל פון געריכט איז פול מיט צושויער פון דער הויכער אַריס־טאָקראַטיע. די דאַמען אין זיידענס און בריליאַנטען. די הערען אין פראַקען און ווייסע זשילעטען, קוקען מיט אַ צופריעדענער נייגיעריגקייט און אַ פעראכטענדען שמייכעל אויף דיעזע שמוציגע, אָבגעריסענע, הונגעריגע מאַסע פון לומפּיגע בעשעפענישען.

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר : פיהרט אריין דעם ערשטען לומפּ. (דער ערשטער לומפּ, אַן אָבגעריסענער אַלטער מאַן מיט צודראַפּעטע פערבלוטיגטע פיס, ווערט אַריינגעפיהרט אין זאַל. אויף זיין פּנים איז אַ דראָטענער מויל־שלאָס).

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר : נעהמט אראָב דעם מויל־שלאָס פון דיעזען לומפּ. וואָס איז דיין פערברעכען, לומפּ ?

ד ע ר א ל ט ע ר מ א ן (מיט אַ צובראָכענע שטימע) : גנבה.

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר : וויפיעל האָסטו גע׳גנב׳עט ?

ד ע ר א ל ט ע ר מ א ן : איך האָב גע׳גנב׳עט אַ 5 פונטיגען לעבעל ברויט. אָבער, קוים האָב איך זיך צו איהם צוגעחאַפּט, האָט מען עס גלייך פון מיר ארויסגעריסען. ענטשולדיגט מיר דאָס מאָל. מעהר וועט עס ניט געשעהן.

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר : וואס, האסט אפשר א ירושה געקראגען? רעכענסטו דען ניט צו עסען מעהר?

ד ע ר א ל ט ע ר מ א ן : ניין, גנעדיגער, מען האט דעם ברויט פון מיר ארויסגעריסען. קוים, קוים וואס איך האב בעוויע־זען צוצוקאיען א קליין פערדאמט שטיקעל.

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר : אבער ווי אזוי ווערסטו מעהר ניט גנב'ענען? פארוואס ארבייטסטו ניט?

ד ע ר א ל ט ע ר מ א ן : ס'איז ניטא קיין ארבייט.

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר : לומפ, וואו זיינע דיינע קינ־דער, פארוואס האלטען זיי דיך ניט אויף?

ד ע ר א ל ט ע ר מ א ן : מיינע קינדער זיינען געשטארבען פון הונגער.

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר : פארוואס ביזט דו ניט אוים־געגאנגען ווי זיי?

ד ע ר א ל ט ע ר מ א ן : איך ווייס ניט.

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר : לומפ, וואס נוצט דיר דאס לעבען?

ש ט י מ ע ן פ ו ן פ ו ב ל י ק ו ם : —

— ווי לעבען זיי? איך פערשטעה עס ניט.

— ארבייטען געהט.

— פאר איהם וואלט שוין געוועזען בעסער, ווען ער שטארבט.

— זעהט ווי אויסגעמאטערט ער איז. און וואס פאר א מאדנער שניידער האט זיינע הויזען געמאכט!

— הערט! הערט!

ד ע ר ק ע נ י ג ־ ה ו נ ג ע ר (שטעהט אויף און רעדט הויך): איצט מיינע דאמען און הערען ועלען מיר א טראכט געבען וואס צו טהאן. געעהרטע ריכטער, זייט אזוי גוט און ווייזט דעם עולם ווי איהר טראכט.

(די ריכטער פערטיעפען זיך א ווײלע אין זייערע רעיונות — קארטשען די ברעמען, קוקען אויפ'ן באלקען, קאלופען די נעזער און

זיפצען זיך אָב. אין זאַל הערשט אַ פייערליכע שטילקייט. א ווילע שפּעטער שטעהען די ריכטער אויף און בייגען זיך צערעמאָניעז און ערנסט צו דער פיגור פון טויט.)

דער קעניג־הונגער (נייגט זיך אויך): נו, גנעדיגע לייט, ווי האַלטען מיר?

דער טוידט (שפּרינגט אויף, דערלאַנגט מיט כעס אַ קלאַפּ איבער'ן טיש מיט זיין צונויפגעדריקטען פויסט און זאָגט אָב מיט זיין סקריפּעדיגען קול): פער'משפּט אין נאָמען פון טייוועל!

(דער טויט זעצט זיך שנעל אַוועק און נוערט פערגליווערט אין אַ בייזהאַפטער אונבעוועגליכקייט).

דער קעניגהונגער. לומפּ, מען האָט דיך פערורטיילט!

דער אלטערמאן: האָט רחמנות.

דער קעניג־הונגער: זאָל מען איהם אַרויפלעגען דעם מויל־שלאָס! פיהרט אַריין דעם 2־טען לומפּ.

(מען פיהרט אַריין דעם 2טען לומפּ. זי איז א גראַציעזע, שלאַנקע, אָבער אַ זעהר אויסגעצעהרטע יונגע פרוי מיט אַ בלייכעס און טראַגישעס געזיכט. די שוואַרצע שעהנע ברעמען געהען זיך צוזאַמען איבער איהרע אויגען. איהרע פרעכטיגע האָר זיינען נאַכלעסיג צוזאַמענגענומען אין א בינטעל אויף'ן קאָפּ, פון וועלכען זיי פאַלען אַראב איבער איהרע פּלייצעס אין לאַנגע פאַנאַנדערגעפלאָכטענע צעפּ. זי נייגט זיך צו קיינעם ניט און קוקט אויף קיינעם ניט, אַזוי ווי זי וואָלט קיינעם ניט געזעהען. איהר שטימע איז אָהן זאַפט און אָהן קראַפט.)

דער קעניג־הונגער: וואָס האָסטו בעגאַנגען, דו לומפּ?

די יונגע פרוי: איך האָב ערמאָרדעט מיין קינד.

פון פּובליקום: —

— אָה! שרעק! א פרוי זאָל אַזוי פערליערען איהר מוטער־געפיהל.

— וואָס אַנדערש קענט איהר ערוואַרטען פון לומפּען?

— ווי בעצויבערנד זי איז, דאָ מוז זיין א טראַגעדיע.

— טא געהט, האט מיט איהר חתונה.

—אין די אלטע אמאליגע צייטען האבען די עלטערען געהאט זייער נאטירליכע רעכט צו דער'הרג'ענען זייערע קינדער, נור איצט, אין דעם יאהרהונדערט פון מענשענליעבע... -

— אה, זייט אזוי גוט, פראפעסאר, לעגט עס אב אויף א מינוט....

— אבער מיין קינד ; דא איז דאך וויסענשאפט...

ד ע ר ק ע נ י ג - ה ו נ ג ע ר : דערצעהל אונז, לומפ, ווי דאס איז געשעהן.

ד י י ו נ ג ע פ ר ו י : (אהן ליידענשאפט, מיט א קאלטער, אויסגעלאשענער שטימע און מיט אויסגעצויגענע הענד דערצעהלט די פרוי איהר געשיכטע.) ס'איז געווען פינסטער. איך מיט מיין קינד זיינען געגאנגען אויף א בריק איבער'ן טייך. און איך האב געזאגט צו מיין קינד, ווען מיר זיינען געקומען אין מיטען, וואו דער טייך איז טיעף און שטראמיג. „הערסט, טאכ־טערל, ווי ס'וואסער שוימט און בייזערט זיך דארט אונטען ?"

— „איך קען ניט זעהן, מאמעניו" — האט זי געענטפערט, „די גראטעס זיינען צו הויך". — „איך וועל דיך אויפהויבען, קינד מיינס", האב איך געזאגט און ווען זי האט אזוי געקוקט אראב אין דער שווארצער טיעף, האב איך איהר אראבגעווארפען.

— האט זי זיך געפרובט אנכאפען אן דיר ?

— ניין.

— האט זי געשריען ?

— יא, איין מאל נור.

ווי האט זי געהייסען ?

— טאכטערל.

— ניין, איהר נאמען ?

— טאכטערל.

ד ע ר ק ע נ י ג - ה ו נ ג ע ר (פערדעקענדיג זיין פנים, רעדט טרויעריג אין א ציטעריגען קול) : געעהרטע ריכטער, זייט אזוי גוט, ווייזט דעם עולם ווי איהר פערטיעפט זיך.

(די ריכטער ציהען צוזאַמען זייערע ברעמען, קוקען אויפ׳ן באַלקען און קאַיען זייערע ליפען. פייערליכע שטילקייט. דאַן, שטעהען זיי אויף און בייגען זיך צערעמאָניעז צו דער פיגור פון טויט.)

דער טויט: פער׳משפט, אין דעם נאָמען פון טייוועל.

דער קעניג־הונגער: (שטעהט אויף; רעדט אין דער הויך; שטרעקט אויס זיינע הענד צו דער פרוי, אַזוי ווי ער וואָלט איהר וועלען איינהילען אין שוואַרצע תכריכים): דו הערסט, מען האָט דיך פעראורטיילט. דיך ערוואַרטעט דער טויט. אין דעם שוואַרצעסטען ווינקעל פון גיהנום וועט מען דיך פייניגען און ברענען אין אייביגע העפטיגע פייערען. שדים וועלען רייסען דיין הארץ מיט זייערע שפּיציגע אייזערנע נעגעל. די גיפטיג־סטע שלאַנגען פון אַבגרונד וועלען זויגען דיין מאַרך און דיך שטעכען, שטעכען. און קיינער וועט ניט הערען די געשרייען פון דער גסיסה, ווייל מען וועט ביי דיר קודם כל אַבנעהמען די שטימע. זאָל זשע אויף דיין קאָפּ קומען די אייביגע נאַכט. האָסט דו געהערט, לומפּ?

דער קעניג־הונגער: טהוט איהר אָן דעם מויל־שלאָס.

(דער לומפּ ווערט אַרויסגעפיהרט. דער קעניג־הונגער רעדט צו די צושויער. גאַסטפריינדליך און לוסטיג.)

איצט, מיינע הערען און דאַמען, וועלען מיר איבעררייסען די זיצונג און געהן איבערבייסען. די פּראָצעדור האָט אונז מיד געמאַכט און מיר דארפען ווידער אָנזאַמלען כוחות (זיס־העפּליך) בעזונדערס אונזערע גנעדיגע פרויען...

(לוסטיגע אויסגעשרייען).

— צו מיטאָג, צו מיטאָג!

— ס׳איז פּונקט די צייט.

מאַמאַ! וואו זיינען מיינע באָנבאָנען.

— דיין קליין קעפּעל איז אימער פערנומען מיט באָנבאָנען.

(איינער זיך אויפכאַפּענדיג.)

— וועמען האָט מען גע׳משפּט?

— צו מיטאָג, צו מיטאָג, אייער עקסעלענץ.

— אָה, פאַר וואָס האָט איהר מיך פריהער ניט אויפגע־וועקט?

(אַלץ קריגט מיט איין מאָל אַ פריינדליכען גליקליכען, שטו־ביגען אויסזעהען. די ריכטער נעהמען אַראָב די פּאַריקען פון זייערע פּליכיגע קעפּ. און ביסלעכווייז צומישען זיי זיך מיט'ן עולם. זיי טרעפען זיך מיט בעקאַנטע, און מיט א געמאַכטער גלייכגילטיגקייט בעאָבאַכטען זיי די מאכלים וואָס מען הויבט אָן דערלאנגען. קעל־נער (וויטערס) און רייכע לאַקייען טראָגען אַריין שווערע, גרויסע טאַצען מיט ריזיגע פּאָרציעס — גאַנצע בעראַנען, גאַנצע קאַלבס־לענדען, הויכע בערג פון געבראָטענס. פאַר איינעם, אַ פעטען גראָבען מאַן טראָגען דריי מענשען אַריין אַ גאַנצען געבראָטענעם שוויין. אַ מינוט קוקט ער אויף דעם און צווייפעלט.

— ווילט איהר מיר מיטהעלפען, מיין פּראָפעסאר?

— מיט פערגניגען, אייער עקסעלענץ.

— און איהר, געעהרטער ריכטער?

— הגם איך בין ניט הונגעריג, דאָך וועל איך מיטעסען.

— איהר וועט מיר דאָך אויך ערלויבען אַ פּלאַץ (מישט זיך אַריין אַ גלח אין דער קאָמפּאַניע.)

(אַלע פיער זעצען זיך אַרום דעם שווייניען בראָטען, און שוויי־גענדיג צושנייַדען זיי זשעדנע די פלייש מיט זייערע מעסערס. צו־פעליג בעגעגענען זיך די אויגען פון פּראָפעסאר און גלח. מיט אַנגעבלאָזענע באַקען, פיהלען זיי געגענזייטיג איינער צום אַנדערען אַ האַס און פעראַכטונג. אָבער גלייך הויבען זיי ווייטער אָן גרי־זשען. איבעראל אין זאַל זיינען אויסגעזעצט קליינע גרופּען פון עסערס, דער טוידט נעהמט אַרויס פון קעשענע אַ טרוקען שטיקעל ברויט מיט קעז און עסט אין איינזאַמקייט. דער געשפּרעך פון די אָנגעשטאָפּטע מיילער ווערט העכער.)

# די גאַסען־פרוי

## פון ראָבערט בלעטשפאָרד

**ענגלישער שרייבער, געבאָרען אין 1851. רעדאַקטאָר פון דעם לאָנדאָנער „קלאַריאָן“. זיין בעריהמטעס בוך „מעררי ענגלאַנד“ איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין ענגלאַנד אין אַ מיליאָן עקזעמפלאַרען.**



י פערשטויסענע גאַסען־פרוי פון לאָנדאָן. בייז און ביטרע איז זי. פאַלש און פרעך. מיט אַ בלאַסער וויסקייט אויפ'ן פנים, גראָב פערשמירט מיט שמינקע און מיט פאַרב. ווי אַ בהמה איז זי ניעדריג געפאַלען, און דערצו נאָך האָט זי דעם האַס פון טייוועל אין איהר האַרץ און דעם פייער פון גיהנום אין איהר בליק. איהרע תנועות זיינען פול מיט תאוה, איהר שטימע גרילצט און איהרע אויגען קוקען וואהנזיניג — צולאָזען. איהר שפּראַך איז אונפערשעהמט; אפילו אַ גאַסען־יונג אין אַ שענק וואָלט רויט געוואָרען פון אַזוינע ניבול פּה. איהר געלעכטער פערקיהלט דאָס בלוט און מאַכט שוידערען. זי איז אַ שרעקליכער געשפּענסט אָהן שאַנדע און אָהן האַרץ — אַ נפש, וואָס פערגיפטעט די, וואָס דערלאַנגען איהר אַ ריהר, וואָס פערצעהרט מיט איהרע ווערטער און וואָס מאַכט קראַנק מיט איהרע ממזר'ישע חנ'דלעך. זי איז תמיד שיכור און לעבט אין קויט, אין עיפּוש און אין שמוץ. אַ ווילדע חיה, וואָס פערצוקט פערוואונדעטע קרבנות און טרייבט זיי אין דול־הויז און אין מאָרג. זי ווערט גערעכענט פאַר אַ ליגנערין און אַ גנב'טע. זי איז האָפנונגסלאָז פערזונקען אין אַ זומפּ און פערשטויסען ווי די פעסט אליין. אויף איהר האָט מען געזאָגט אַן אמת, אַז וואו זי געהט ברענט דער קעסעל פון גיהנום, וואו זי וואוינט איז די טהיר צום פינסטערען בית־עולם.

# די פריסטערין פון דער מענשהייט

פון וויליאַם י. ה. לעקקי

1838—1903

ענגלישער היסטאָריקער און פילאָזאָף.



יי דיעזע אומשטענדען איז אין דער געזעל־שאַפט ערשיענען אַ פיגור, וואָס איז אָהן צווייפעל דאָס טרויעריגסטע, און אין פיעלע הינזיכטען דאָס שרעקליכסטע בעשעפעניש, אויף וועלכען דער מאָראַליסט קען זיך נור אָבשטעלען. דיעזע אומגליקליכע, וועמענס נאָמען איז אַ שאַנדע ארויסצולאָזען פון מויל; וועלכע מאכט נאָך מיט אַ קאַלטען האַרץ די ענטציקונג פון ליעבע און וועלכע אונטערוואַרפט זיך דעם מאַן, אַלס אַ פּאַסיווער ווערקציינג פון תאוה; דיעזע פרוי, וועלכע ווערט געשימפּפט און געשאָלטען, ווי די העסליכסטע פון איהר געשלעכט, און וועלכע איז פערוּרטיילט מעהרסטענטיילס צו שמוציגע קראַנקהייט, פערשטויסענעם עלענד און פריהצייטיגען טויט — אָט דיעזע אומגליקליכע ערשיינט אין יעדען יאָהרהונדערט, אין יעדען דור, אַלס דער אייביגער סימבאָל פון דעגראַדאַציאָן און זינדיגקייט פון דעם מענשען.

זייענדיג אַליין דער אויסדריקליכער טיפּ פון פערדאָרבענהייט, איז זי סוף כל סוף דער בעסטער אָבהיטער פון טוגענד און אונשולד. ווען ניט זי, וויפיעל הײמען וואָלטען בעפלעקט געוואָרען אין זייער צנועה'דיגער רײנקייט? און וויפיעל ווייבער וועלכע זיינען אזוי שטרענג צו דער פערשאָלטענער פרוי און אזוי שטאָלץ ביי זיך, ווייל זייער טוגענד איז נאָך ניט ערנסט געפּרואווט געוואָרען — וויפיעל פון זיי וואָלטען גע־

גוסס׳ט, פול ביטערע געפיהלען פון חרטה און פערצווייפלונג? אויף איהר, דער פערדארבענער און ערניעדריגטער אליין, זיינען קאנצענטרירט די ליידענשאפטען, וועלכע וואלטען געווען א בושה און א חרפה פאר דער וועלט. זי בלייבט! אין דער צייט, ווען רעליגיאנען און ציוויליזאציאנען ענטשטעהען און פערשווינדען... זי בלייבט תמיד — די אייביגע פריעסטער, די אייביגע פערהיטערין פון דער מענשהייט, וואס איז פערדאמט פאר איהרע חטאים.



# פערלאָזען...

פון שלום אַש.

געבאָרען אין 1880, אין קוטנא, ווארשעווער גוב. זיין ערשטע ערצעהלונג איז ערשיענען אין 1900. בעלעטריסט און דראַמאַטורג.



ז ברוך קאַלאַק האַט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה, האָט ער דערהערט דאָס קינד וויינען נעבען איהם. פערשלאָפענערהייט, נאָך מיט פערמאַכטע אויגען, האָט ער איינינע מאָל גע־רופען: גאָלדע, דער ממזר וויינט!

גאָלדע האָט זיך נישט אָבגערופען. אז ער האָט זיך אָנגעהויבען ארומצוקוקען, האָט ער ערשט בעמערקט, אַז זי איז נישטאָ.

צוערשט האָט איהם אביסעל געוואונדערט, געטראַכט: זי איז אודאי צום וואַסער געגאַנגען זיך וואשען. ער האָט אויס־געזוכט א שטיקעל לייווענט און דעם קינד אין מויל געשטעקט, אַז עס זאָל אויפהערען צו וויינען.

ער האָט זיך דערווייל אָנגעטהאָן, טראַכטענדיג, וויפעל מען וועט קענען פּאַקען פאַר די זילבערנע לייכטער, וואָס זיי האָבען ביינאַכט פון זשאַכלינער'ס שראַנק געצויגען. ער איז ארויף מיט איין פוס אויפ'ן בוידעם בעטראַכטען די חפצים — זיי זיינען נישטאָ! ער שאַרט אהין, ער שאַרט אהער, — נישט־טאָ! ער איז אראָב פלינק פון בוידעם, אראָבגעריסען דאָס ליילעך פון וואַנד; איהרע זאַכען זיינען נישטאָ! דעמאָלט איז איהם קלאָר געוואָרען, אַז זי איז אַנטלאָפען פון איהם.

— מיט וועמען?

מיט שלמה שלאָסער אָדער מיט חיים'ל גנב?

— אַנטלאָפען, געה ברעך הענד און פיס! אויף טויזענד

כפרות... צו אלדי שווארצע יאָהר! — האָט ער מיט א גע־מאַכטען שמייכעל געזאָגט און אויף די ווענד געשפּיגען.

ער האָט געוואָרפען א בליק אויפ׳ן קינד.

— אָבער מיט׳ן ממזר וואָס מאַכט מען?

ער האָט א מינוט געקלערט, רעדענדיג צו זיך:

— וואָלט איך געוואוסט וואו זי איז, ווארף איך דאָס קינד הינטער דער טיר ארונטער: נאַ, האָסטו דאָס דייניגע!

א שלעכטער געדאַנק איז איהם איצט אין קאָפּ אריינגעפאַ־לען. ער האָט די אויבערשטע ליפּ פעסט מיט די צייהן פער־ביסען און די הענד האָבען אָנגעהויבען ביי איהם צו טרייס־לען... ער איז צו צום קינד. עס איז געלעגען אראָבוואָרפענדיג מיט איין פיסעל די ברודיגע שמאטע פון זיך, און די הענדטלעך האָט עס אין מיילכעל אריינגעפּאַקט.

ער האָט זיך פון דעם קינד אָוועקגעדרעהט, געוואָרפען דעם הוט אויפ׳ן קאָפּ און איז ארויס אין גאַס אריין, צושליסענדיג די טיר נאָך זיך.

ער איז אָבגעגאַנגען אייניגע טריט, האָט ער אָבער ניט געקענט רוהען, אין די אויערען האָט ער געהערט דעם קינד׳ס געוויין און געזעהן האָט ער, ווי עס וואַרפט מיט די פיסלעך און עס רופט עפּעס... ער האָט ווייטער ניט געקענט געהן, אויס־געשפּיגען.

— אך, וואָלט איך זי געפּאַקט, אַט אזוי וואָלט איך זי ביים גאָרגעל אָנגענומען און געשטיקט, גוט געשטיקט, ביז זי וואָלט די צונג אויסגעשטעקט...

ער איז אריין אין א געוועלבעל, געקויפט א זעמעל און איז צוריק אויפ׳ן בוידעם־שטיבעל ארויף.

דאָס קינד איז געלעגען, ווי פריהער, אראָבגעוואָרפען פון זיך די שמאַטע, מיט דעם נאָך פון פריהער ליכטענדען שמיי־כעלע אויף די ליפּען, וואָס האָט איהם אָן דער מוטער דערמאָנט:

— אַ, אויסגעראָט זאָלסט דו ווערען!

ער איז נאָך אמאָל פון דער שטוב ארויס, אָבער ער האָט

נישט ווייט געקענט געהן, ער האָט אַלץ כסדר געהערט דעם קינד'ס געוויין הינטער זיך. פיעל מאָל האָט ער זיך געזאָגט: עס וועט איהם גאָר נישט זיין, דעם ממזר איהרען. אָבער ער האָט נישט געקענט ווייטער שטעלען קיין פוס, אין הארץ האָט איהם גענאָגט, גענאָגט. ער האָט צונויפגעקוועטשט די הענד אין אַ פויסט און איז נאָכאַמאָל אין שטוב אריין.

איצט האָט שוין דאָס קינד הויך געוויינט מיט אַ לאַנגען קינדישען געוויין: מאַמ—מ—מ—אַ!

— די מאַמע רופט עס נאָך! גערה, זוך דיר דיין מאַמען, די אויסגעלאַסענע!

ער האָט דאָס קינד אויף די הענד גענומען. עס האָט זיך וואָרים צו איהם געדריקט, מיט'ן מיילכעל עפּעס ביי איהם געזוכט, דאָס פּנים, די הענד איהם געזויגט...

— אַ חאָלערע זאָל זי דאָרט פּאַקען, וואו זי איז! — האָט ער געשאָלטען, גלעטענדיג דאָס קינד מיט דער האַנד איבער'ן בעקעל, איבער'ן לייבעל.

— שווייג, שלמה'לע, שווייג... איך בעט דיך, שווייג...

נור דאָס קינד האָט געזוכט מיט'ן מיילכעל, געוואָרפען מיט די הענדטלעך און געמאַכט מיט'ן קעפּעל, ווי עז וואָלט עפּעס ריידען געוואָלט. ער האָט עס וואַרימער צו זיך געדריקט, אויסגעזוכט אַביסעל קאַלטע מילך אויפ'ן אויווען, אריינגעבראַכט די זעמעל און האָט דאָס קינד מיט אַ לעפעלע צו עסען געגעבען. דאָס קינד האָט גענעסען פון זיין האַנד און ער האָט שטיל גערעדט צו איהם:

— עס געזונטערהייט, איך בעט דיך... דיין מאַמע, אויסגעראָטע זאָל זי ווערען, אַנטלאָפען, איבערגעלאָזט דיך.

אַז דאָס קינד האָט זיך איינגעשטילט, האָט ער עס אין אַ טוך איינגעוויקעלט און איז דערמיט אין גאַס נעגאַנגען.

געקומען אין מאַרק אריין צו קראַדניק'ס שטעל, ווערט אַ גערודער: קאַלאַס געהט מיט אַקינד! קראַדניק רופט צו איהם פון דער שטעל:

— וואו האָסטו דאָס יאַטעל געפּאַקט?

קראַדניק׳ס ווייב הויבט זיך אויף מיט אַ גרויסער גדולה, לויפט צו צו איהם מיט אויפגעעפענטע הענד, ווישט זיך אָבער איינינגע מאָל דאָס פּנים מיט׳ן פאַרטוך פאַר גרויס פרייד, לאַכט און קלאַפּט דאָס קינד אין געזעסעל אַריין:

— קאַלאַק, עס איז דיינס? אַ קינד אַ קרוין, גיב עס נור, גיב עס נור אַהער!

דער אַלטער קראַדניק מיט דער איינער האַנד, דער „רבי“ פון די גנבים, דערהויבט זיך זעהר פּאַמעליך פון זיין שטעל, געהט צו, בעטראַכט דאָס קינד און קלאַפּט דערנאָך קאַלאַק׳ן אויפ׳ן אַקסעל:

— נישקשה, נישקשה פון אַ יאָט׳על, וועט געשיקט דורך אַ ליפּטשיק קריכען! וואו איז די מוטער?

— זאָל איהר דאָרט אַ פייער אין איהרע אויגען זיך אָנצינדען, וואו זי איז — אַנטלאָפען ביינאַכט, די לייכטער מיטגענומען...

— און דאָס קינד איבערגעלאָזט?

— איבערגעלאָזט.

— איז נישט גוט!... — קראַצט זיך דער אַלטער קראַדניק אין קאָפּ.

דער יונגער קראַדניק קומט צו און מאַכט צו קאַלאַק׳ן אַזוי:

— נישקשה, וועסט איצט מעגען די „פּרנסה“ אוועקלעגען, אַן אַם ווערען. אַ שטיקעל דיר אָבגעטהאָן, וואָס?

— זאָל דיר דיין קאָפּ פאַר מיר ניט דאַרען! גאָט איז אַ פאָטער און קאַלאַק איז קאַלאַק!

גענומען דאָס קינד אין דער האַנד, האָט ער זיך געלאָזט איבער דער שטאָדט. איהם האָט זיך געדוכט, אַז מענשען קוקען איהם נאָך, טייטען מיט די פינגער און לאַכען איהם אויס.

ער האָט זיך פאַר אַ געוועלב אָבגעשטעלט און אַריינגעשאָלטען:

— וואָס לאַכט איהר! איהר מעגט האָבען קינדער, די חאָליערע זאָל אייך פּאַקען, און איך נישט?

ער איז אויס'ן שטאָדט אַרויס, אַנגעקומען צום וואַלד און זיך ביים טייכעל גענעצט.

אַרום אין דער געגענד איז קיינעם נישט געווען צו זעהן, נור די צווייגען פון די בוימער האָבען טרויעריג גערוישט, אַראָב־וואַרפענדיג פון זיך די געלע בלעטער. ער האָט דאָס קינד נעבען זיך אַנידערגעזעצט. דאָס קינד האָט איהם שווייגענדיג אָנ־געקוקט, דאָס הענדטעל אין מיילעכעל געזויגען און פון עפּעס געקלערט, — ווי עס וואָלט זיך אָן זיין וועלט דערמאָנט, אָן דער וועלט, פון וועלכער עס איז געקומען צו געהן.

קאַלאַק האָט נישט געוואוסט, וואָס אָנצוהויבען מאַכען מיט'ן קינד. ער האָט אין איין מינוט געקלערט, ווי אַזוי פון איהם פּטור צו ווערען, נור באַלד האָט איהם אַרומגענומען אַזאַ רחמנות אויף זיין אייגען פלייש און בלוט... ער האָט דאָס קינד אין אָרעם גענומען, פּעסט צו זיך געדריקט מיט אַזאַ ליעבע, אַז דאָס קינד האָט דערפיהלט זיין וואַרעמען בליק און איהם אַנט־קעגען געשמייכעלט.

— וואו ביסטו, שלמה'לע, וואו ביסטו, — וואו איז דיין מאַמע, ווילסט צו דער מאַמען? יאָ, דו ווילסט?

דאָס קינד האָט צו איהם אַנטקעגען מיט די פּיסלעך גע־טאַנצט און געשמייכעלט ליעבליך.

— קליינער קאַלאַק, — מאַכט ער צום קינד, — יאָ, וועסט זיין אַ יאַט, קריכען דורכ'ן ליפּטשיק, אויף בוידעמער, שלעסער אָבדרעהען און גנב'ענען.

ער האָט דאָס קינד אַריינגענומען צו זיך הינטער דער וועסט און געוואַרימט זיין ברודיג לייב מיט'ן קינד'ס ווייך לייבעל. דאָס קינד האָט דאָס קעפּעל איינגעבויגען און ביי איהם עפּעס געזוכט, געלעקט זיינע פינגער, געזויגט.

ער האָט דאָס קינד אַוועקגעלעגט ביים ברעג פון טייכעל, זיך געשטעלט הינטער אַ בוים און געקוקט אויפ'ן קינד, וואָס וועט עס טהאָן.

דאָס קינד איז ווי פריהער געלעגען און געזויגט די הענדט־

לעך אין מיילעכעל, געגראָבען מיט די פיסלעך און געוויינט שטיל, ווי שפּילענדיג זיך: מאַ־מ־מ־אַ!

ער האָט זיך אָבגערוקט אַ בוים ווייטער, ווי אַוועק׳גנב׳־ענדיג זיך פון זיך אַליין, זיינע אויערען האָבען נאָך קוים פער־נומען דעם קינד׳ס געוויין. אזוי האָט ער זיך אָבגע׳גנב׳עט פון בוים צו בוים, ביז עס האָט שוין מעהר דאָס קינד נישט גע־זעהען און נישט געהערט, דאַן האָט ער אָנגעהויבען פלינק צו אַנטלויפען.

ער איז געלאָפען איבער פעלדער, ווייט אַוועק, און אין די אויערען האָט איהם געקלונגען דאָס קינד׳ס געוויין: מאַ־מ־אַ, מאַ־אַ־מאַ! איהם האָט זיך אַלץ אָבגעדוכט, אז דאָס קינד קייקעלט זיך אין טייכעל אריין. דאָס הארץ האָט איהם גע־נאָגט, גענאָגט, די הענד האָבען איהם געציטערט —

און ער איז אַלץ ווייטער, ווייטער געלאָפען.

## אַ טרעהרען ליעד

פון י. אַדלער.

כ׳וואָלט בעוויינען דיך, אָ, שקלאַף,
האָב איך ניט קיין טרעהרען;
כ׳וואָלט בעלויכטען דיר דיין וועג,
בין איך ניט קיין שטערען,

כ׳וואָלט דיר העלפען שטרייטען, שקלאַף,
בין איך מיעד, צובראָכען;
כ׳וואָלט מיין גוף געשאָנקען דיר,
איז ער הוילע קנאָכען.

מיין נשמה שענקען דיר,
וואָלט מיך ניט פערדריעסען,
איז זי אָבער, מיעדער שקלאַף,
לאַנג, שוין לאַנג צוריסען...

# די בעגעגניש

פון א. ליעסין.

איילענדיג געהט די יונגע עני
צו דער ארבייט יעדען מארגען,
וואו די הויכע מויערן דונקלען
אין דעם נעבעל טיעף פערבארגען.

איילענדיג קומט אן אונבעקאנטער,
אימער אויף דעם זעלבען שטייגער,
יעדען מארגען איהר אנטקעגען,
ריכטיג, פינקטליך, ווי א זייגער.

וואו די הויכע מויערן דונקלען
און די ריעזען־שעפער ברומען,
טרעפען זיי זיך —ביידע יונג נאך —
מיט א שמייכעל, מיט א שטומען.

דאך אמאל, ווען עטוואס פריהער
קומט ער פלוצלונג אן פון ווייטען,
טהוט איהר דאן א ריס; זי וויים שוין,
וואס אזוינס עס קען בעדייטען.

דען זי האט, אה, נעכטען אבענד
זיך פערזעסען, זיך פערגעסען!
און זי יאגט איצט אהן אן אטהעם,
ניט דערשלאפען, ניט דערעסען.

יאָהרען קומען, יאָהרען געהען
מיט די זעלבע נויט און זאָרגען.
איילענדיג געהט אַלץ, די עני,
צו דער ארבייט יעדען מאָרגען.

איילענדיג קומט איהר אַנטקעגען,
אימער אויף דעם זעלבען שטייגער,
דער בעקאַנטער אונבעקאַנטער,
און ער דיענט איהר אַלס אַ זייגער.

אַך, ווי מיאוס, ווי דערעסען
איז ער לאַנג שוין איהר געוואָרען,
ווי דאָס געהן אַלץ יעדען מאָרגען
שוין פון פיעלע, פיעלע יאָהרען;

ווי דאָס געהן אַלץ יעדען מאָרגען
און דאָס אייביג, אייביג נייהען,
ווי דאָס גאַנצע אומעט־לעבען —
און זיי געהען אַלץ און געהען.



# איהר כל נדרי

## פון ל. קאָברין.

געבאָרען אין וויטעבסק, אין 1872. עמיגרירט נאָך אַמעריקא אין 1892. זיין ערשטע ערצעהלונג איז ערשיענען אין 1894. בעלעטריסט און דראַמאַטורג.



אַרנאַכט, ערב יום כפור...

זי זיצט נעבען פענסטער אין א ווייסען פעניואַר, דעם קאָפּ אַרויסגערוקט פון צווישען דעם פאַרהאַנג. אין דרויסען ווערט טונקעל. אנטקעגען דעם פענסטער שטעהט א בית־המדרש, אידען לויפען אויסגעפּוצטע יום־טוב'דיג בעטען גאָט.

זי קוקט אויף די אידען מיט אומעטיגע, פערטראַכטע אויגען, כאַפּט פּלוצים דעם קאָפּ צוריק, פערשטעלט דעם פּנים מיט'ן פאַרהאַנג און זיצט מיט צוגעמאַכטע אויגען. דאָס צימער איז בעלויכטען, אויפ'ן זאָפא ליגט א דיקע פּרוי מיט א פעטען פּנים, וואָס האָט דעם אויסדרוק פון א מאָפּס: קליינינקע אויגעלעך פערגאָסען מיט פעטס, מיט צופּלאָנטערטע, קורץ־געשאָרענע, שווארצע האָר אויפ'ן קאָפּ.

אין א ווײלע אַרום האָט די פּרוי ביים פענסטער זיך א הויב געטהאָן, נערוועז אָבגערוקט דעם פאָרהאַנג און א קוק געטהאָן אויפ'ן בית־המדרש. דער עלעקטרישער שיין האָט אָבגעשלאָגען אויף איהר פּנים, די באַקען זיינען געוועזן בעדעקט מיט פּוידער און פאַרב, די ליפּען קינסטליך רויט; פון אונטער די צוגעפאַרבטע ברעמען און וויִמפּערען האָבען אַרויסגעגלאַנצט טונקעלע אויגען.

א פאַרביינעהער האָט זיך אָבגעשטעלט ניט ווייט פון הויז; איהר פּנים האָט אָנגענומען א פרעכען אויסדרוק, אויף די ליפּען האָט גענומען שפּילען א געוועהנטער פערפיהרערישער שמייכעל.

— ס״ס !... האָט זי גערופען.

דער מענש האָט זיך אומגעקוקט און איז אוועקגעגאַנגען.

— דזשעני — האָט הייזעריג און פויל געפרעגט די דיקע—געהט עמיצער ?

— אוועק !

— דזשעני !

— וואָס ?

— כי, כי ! — האָט גענומען לאַכען די דיקע פרוי, שווער אָטעמענדיג, און איהרע אויגעלעך זיינען דערביי איינגאַנצען פערשוואונדען אין פעטס, — כי, כי ! די הענט ציטערען היינט... אַי, אַי, אַי, טאַטעלע, פאָטערל, געוואלד !

די לעצטע ווערטער האָט זי אויסגעזונגען הייזעריג און דערביי זיך אַזוי צולאַכט, אַז איהר האָט גענומען שטיקען אַ הוסט און זי האָט זיך געמוזט זעצען.

— ביסט ניט צופרידען, זשעני ? — האָט גערעדט ווייטער די דיקע פרוי, אָבּכאַפּענדיג און אָהאָבלאָזענדיג די דיקע האַנד אויפ'ן שויס, — און מיך אַרט ניט. איבערמאָרגען איז שוין אויס חתמ'ענען... דערנאָך סכות, שמחת תורה... זאָג נאָר, דזשעני, האָט מען ביי אייך אין דער היים אויך געזונגען שמחת תורה: ריטאַ־איירא, ריטאַ־איירא !

זי האָט עס פרעהליך אויסגעזונגען, צוגעקלאַפּט מיט'ן פוס צום טאַקט און זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט.

— שווייג ! — האָט דזשעני אויסגעשריען מיט אַן אויפּגערעגטען קול — שווייג ! זאָלסט ניט דערמאָנען זיי מיט דיין שמוציגען מויל... זיי זיינען ניט דיין גלייכען.

די דיקע פרוי האָט זיך אַ הויב געטהאָן פון זאָפאַ, זיך קאָמיש פערנייגט פאַר דזשעני'ן און אַ שאר געטהאָן מיט'ן פוס.

— מיין גרעפין, — האָט זי איראָניש גערעדט, שטיקענדיג אין זיך אַ געלעכטער, — איך האָב גאָר פערגעסען, אַז אייער פאָטער איז געווען אַ גראַף. איך מוז אייך זאָגען, אַז מיין פאָטער איז אויך ניט געווען אַבי ווער.

— ער איז מסתמא געווען א פערד־גנב...

די דיקע פרוי האט לייכט א ציטער געטהאן, איז געווארען רויט, די אויגעלעך איהרע האבען געגלאנצט.

— הער נאר, — האט זי זיך בייז צוקווויטשעט, — האלט ס'מויל, ווארום באלד קריגסט דו אריינגעפאהרען אין דיין חזיר'שער צורה.

דזשעני האט זיך היסטעריש צולאכט.

— לאך זיך, — האט די דיקע פרוי רוהיגער געזאגט, — און איך האב דיך אין דער ערד; איך וועל נעהמען א טרונק, און דו לאך זיך.

זי איז צוגעגאנגען אין א ווינקעל, האט זיך אנגעגאסען א גלעזעל בראנפען פונ'ם גאלאן און אויסגעטרונקען.

— נו, איצט האב איך דיך ערגעץ וואו אנדערש... איצט ארוים אין דרויסען... באלד כאפ איך א העכט...

מיט שווערע טריט, וואקלענדיג זיך, ווי א פעטע גאנז, איז זי ארויסגעגאנגען פון צימער.

דזשעני איז געבליבען זיצען אויף איהר ארט. היינט פיהלט זי זיך אונגליקליך. זי האט זיך דערזעהען אין א קליין שטיבעל ערב יום כפור. דער טיש איז בעדעקט מיט א ווייסען טיש־טוך, די מאמע — א הויכע, דארע פרוי אין א ווייסען קלייד, דער פאטער — א ברייטער מענש פון מיטעלען וואוקס, מיט א שפיציג שווארץ בערדיל און ביים עק טיש — א מיידעל פון א יאהר זיבענצעהן מיט א ווייסען, קלארען, רונדען פנים, מיט טונקעלע אויגען און האר. אלע זיינען ערנסט; זיי האבען אב־געגעסען. א טיפע, הייליגע ערנסטקייט פיהלט יעדערער אין הויז. דער פאטער נעהמט בענשען די קינדערלעך — צוערשט די עלטערע, זלאטע...

דזשעני האט א ציטער געטהאן, איהר האט זיך אויסגע־דוכט, אז זי פיהלט נאך איצט אויפ'ן קאפ די ווארעמע, ציטע־רענדע הענד פון איהר פאטער... זי האט זיך א כאפ געטהאן און געגנומען דערשראקען קוקען ארום זיך.

האט איהר דער פאטער געבענשט? איז זי דאס זלאטע?

וואו זיינען זיי אַלע? יעדעס וואָרט פון איהר חבר'טע'ס רייד איז געפאַלען ווי אַ ביטערער טראָפּען אין איהר נשמה און האָט זי געפּייניגט. אוים זלאַטע, אוים — דזשעני!..

זי איז אויפגעשטאַנען, גענומען אַ קליין שפּיגעלע און פערקוקט זיך, אַ גלעט געטהאָן מיט דער האַנד די באַק, די פּייבטע, פערשוויצטע פינגער האָבען זיך אָנגענומען מיט פּודער און פאַרב, איהר פּנים האָט זיך פערקרימט, ווי פון אַ וועהטאָג, זי האָט זיך איינגעגעסען מיט בייזע אויגען אין שפּיגעל און גענומען שפּייען אויף'ן שלעכטען שפּיגעלע, אַ שליידער געטהאָן אויף דער ערד.

אוים זלאַטע — דזשעני!...

זי האָט נערוועז געריבען דעם שטערען, זיך אָנגעגאָסען אַ גלעזעל בראַנפען, אויסגעטרונקען אין איין אָטעם, אַ צווייטע אָנגעגאָסען; די אויגען זיינען ביי איהר פערלאָפען, גענומען גלענצען. זי האָט זיך צושמייכעלט, אַ שפּרונג געטהאָן מיט איין פוס, מיט דעם צווייטען, זיך פרעהליך צוקווּיטשעט און אַ וואָרף געטהאָן זיך אויף'ן זאָפאַ, איינגראָבענדיג דאָס פּנים אין איהרע אָרעמס.

אין קאָפּ האָט איהר געשווינדעלט. זי האָט געפיהלט, ווי אַ לייכטע וואַרימקייט צוגיסט זיך איבער איהר לייב און שלעפערט איין אַלע איהרע געדאַנקען.

פּלוצלונג האָט זיך דזשעני אַ הויב געטהאָן, גענומען קוקען מיט האַלב־שכור'ע אויגען, אויסגעשטעלט די אויערען און זיך צוגעהערט:

— כל נדרי!...

זי איז פערציטערט געוואָרען, איהר איז געוואָרען טרויעריג אויף'ן הארצען. זי האָט פעררריסען דעם קאָפּ צום באַלקען, ווי איהר טאַטע פלעגט טהאָן און האָט מיט אַ האַלב־הייזעריגען פאַלשען קווּיטש אונטערגעכאַפּט די טענער.

און פּלוצלונג האָבען זיך איבער דזשעני'ס באַקען צוקייקעלט טרערען, געקייקעלט, געקייקעלט זיך, איבערלאָזענדיג שמוציגע פלעקען אויף איהר געפאַרבטען פּנים.

# דער קאָדעט

## פון רעדזשינאַלד קויפמאַן.

פון זיין בוך : „דאָס הויז פון שקלאַפעריי".



או נאָר דער דלות וויל זיך פאַנאַנדערקניפּלען און אַ ביסעל פרייער אָבאַטהעמען, איז ער גלייך דאָ. וואו נאָר אַ וועה־געשריי רופט נאָך הילף, וואו נאָר אונצופריעדענהייט דורשט נאָך אַ לייכטערען לעבען און מיעדקייט לעכצט נאָך אַ ביסעל רוה, אומעטום איז גלייך דאָ דער פערפיהרער מיט זיינע פערפיהרערישע חנ'דעלעך.

ער קען און וויים, ווי צו האַנדלען מיט די אידישע טעכטער, וואָס אַרבייטען כדי צו בעצאָהלען פאַר די דיפּלאָמען פון זייערע אינגערע ברידער ; ער קען גוט די איירישע, די דייטשע, די רוסישע מיידלעך — די אַלע, וואָס ווערען צוריבען אין דעם אָדער אַנדערן עקאָנאָמישען מיהל. ער קען אויך די איינגעבאָרענע אונרוהיגע טעכטער פון לאַנד, וואָס זיינען ניט געוואָהנט צו דער אַרבייט און אָקאָרשט אַוועקגענומען פון שפּיעל. ער קומט צו דעם אריינגאַנג פון פאַבריק, בעת מען לאָזט פון דאָרטען אַרויס די בלאַסע פרויען צו חאַפּען אַ ביסעל פרישע לופט. ער געפינט זיך תמיד אין ביליגען רעסטאָראַן, וואו סטענאָגראַפיסטקעס עסען זיך אָן מיט די אונגעזונטע מאכלים, וואָס די שלעכט־בעצאָהלטע קעלנערשעס דערלאַנגען זיי צו זייער מיטטאָג־עסען. ער לויערט אין די ווינקעלעך, אויסוואַרטענדיג אַ דיענסט־מיידעל אָדער פון אַ פערקויפערין פון אַ געשעפט.

אָה ! ער וויים גאַנץ גוט, אַז דיעזע מיידלעך זיינען צו אויסגעמאַטערט, זיי זאָלען זיך קענען פערנעהמען מיט ווירטשאַפט אין די אָבענדען און צו אונגעבילדעט, אַז זיי זאָלען קע־

נען געפינען א שטענדיגען טרייסט אין די „קליינע אותיות“ אין ביכער... ער איז דארום איבערצייגט, אז זיי מוזען ארויסגעהן און ארומגעהן. און אויף אזא אופן פערברענגט ער נעכט אין די רעסטאראנען, אין די טהעאטערע, אין די מואווינג־פיקט־שורס (קינעמאטאגראפען) און אין די טאנץ־אקאדעמיעס.

ער קומט אין דיעזע פערשטיקטע זאלען, וואו אימיגראנ־טען לערנען זיך אויס די זאגערופענע אמעריקאנער טענץ פיעל פריהער, איידער זיי זיינען אימשטאנד צוזאמענצושטעלען א האלבע פראזע אין „אמעריקאניש“.

ער בעאבאכטעט, ווי זיי ווערען אוועקגעטראגען אין דעם ווירבעל פון אויסגעבלאזענע קליידלעך און ווי זיי ווערען צו־היצט אין דעם שטורם פון די רייצענדע קאנוואולסיווע קערפער־בעוועגונגען.

אמאל פערגלוסט זיך איהם ארייצוקוקען אין די „הויכע פענסטער“, אין די מעהר אריסטאקראטישע קאפעען. אבער די ארימקייט דערשמעקט ער שוין פון ווייטען.



# אין געפענגנים

פון אָסקאַר אוּאיילד.

(1856—1900)

בעריהמטער ענגלישער שרייבער, קונסט־קריטיקער און עסטעט.

אידיש: ה. רויזענבלאט.

איך ווייס ניט צי'ס געזעץ איז גוט,
צי דאָס געזעץ איז שלעכט;
איך ווייס נור: שטאַרקער איז די וואנד
ווי ס'הארץ וואָס זי צוברעכט;
און אז די טעג זיינען יאָהרען לאנג,
די שטונדען — ווינטער־נעכט...

נור איינס איז קלאָר, דאָס יעדער דין,
וואָס מענש דעם לעבען שטעלט,
פון ערשטען ברודער־מאָרד ביז עט
צום סאמע ענדע וועלט,
פערמעהרט נאָר בלויז די דערנער אין
דער מענשהייט'ס בלומען־פעלד.

און נאָך איין זאך — אָט הערט זיך איין
מיט שכל, מיט פערשטאַנד —
אַ יעדער קערקער וואָס ווערט געבויט,
ווערט געבויט מיט שטיין פון שאנד,
גישמירט מיט בלוט איז דער צעמענט
וואָס קלעבט אויף יעדער וואנד

מיט גראַטעס טרייבען זיי אַוועק
פון טאָג דאָס העלע ליכט:
דען נאָר דאָס פינסטערניש אַליין,
דאָס חשכ'ניש געדיכט,
פערטראָגען קען די מענשליכע
גערעכטיגקייט און פליכט.

דאָס בייזע, פונקט ווי גיפטיג גראָז,
וואַקסט ראַש ביים קערקער־וואַנד:
ס'איז נאָר דאָס עדעלסטע אין מענש,
וואָס וועלקט דאָרט און וואָס וויאַנ'ט;
פערצווייפלונג איז דער גערטנער, און
דער צער די רעכטע האַנד.

זיי קנוטעווען די שוואַכע פרוי,
דעם זקן טויב און בלינד;
פון דורשט און הונגער געהט דאָ אויס
דאָס שוואַכע, קראַנקע קינד,
דאָס פיצעלע וואָס איז נאָך ריין
פון מענשענס זינד!

אַ יעדע צעל אַ נאַסע גרוב,
די ווענד פון שימעל גרין,
וואו קיין מאָל קומט קיין טראָפּען לופט,
קיין ביסעל שיין אַהין,
און אַלץ, חוץ אַש, ווערט דאָ צושטויבט
אין מענשהייט'ס דרעש־מאַשין.

דאָס גרינע וואַסער וואָס מען טרינקט
איז לויטער שלאַם און קויט,
מיט קרייד און קאַלך איז אָנגעפּילט
דאָס צוגעוואויגען ברויט.
און שלאָף מיט אויגען רויט און ווילד
שפּרייזט אום און רופט דער טויט...

*

באַטש דורשט און הונגער ווי די שלענג
זיך ראַנגלען טאָג און נאַכט,
געהט דיך קיין זאַך ניט אָן, דען דאָס
וואָס קאַלט און שטום דיך מאַכט
און דער שטיין וואָס דו הויבסט אויף ביימאָג
און וואָס ווערט דיין הארץ ביינאַכט.

מיט נאַכט בעשטענדיג איז דיין הארץ,
מיט עלענד איז דיין צעל,
פליקט יעדערער זיין פלאַקסען שטריק,
בשעת די שווארצע זעעל
אליין זיך פליקט בעזונדער אין
איהר גוף — די בייזע העל,

מען הערט קיין מאָל קיין מענשליך קול,
קיין וואָרט פון מיטלייד צארט;
און דאָס אויג, וואָס היט אונז דורך דער טיהר,
איז פינסטער, שטרענג און הארט;
און פערגעסענע פון גאָט און לייט
רק פוילט מען און מען קווארט.

און אָט אזוי רק זשאַווערט מען
פערשאָלטען און אליין:
און איינער שילט, און איינער זיפצט,
און איינער קריצט די צייהן;
נאָר גאָט'ס גענאָד איז מילד און גוט,
און ברעכט דאָס הארץ פון שטיין.

*

און יעדעס מענשען־הארץ וואָס ברעכט,
אין ענגען קערקער־צעל,
און יעדע טרעהר וואָס רייסט זיך לויז

פון דער בעטריעבטער זעעל,
צינדט אָן אַ שטראהל אין וויסטען גרוב
און מאכט אַ רגע העל.

אָה, גליקליך איז דאָס הארץ וואָס ברעכט
און דורך די טרעהר געווינט
די רוה, וואָס מיט גענאָדע קומט
און וואשט אוועק די זינד,
און גאָט קען זעהן אין זינדער'ס האר
זיין אונבעפלעקטעס קינד!



מיר, וואָס זיצען אין געפענגניש, וויסען ניט פון קיין פער־שידענע צייטען; אונזערע אלע טעג זיינען טעג פון פיין; יעדער איינער טאָג איז עהנליך צום צווייטען. די שרעקליכע, פיינפולע געפענגניש־טעג!

אונז אין געפענגניש דוכט זיך, אז די צייט בעוועגט זיך ניט ווייטער, פאָרווערטס, נאָר זי דרעהט זיך ארום דעמזעלבען צענטר פון ליידען. מיר האָבען ניט קיין אייגענעם ווילען; מיר עסען, טרינקען, געהען שלאָפען, בעטען צו גאָט, אָדער קניהען ווי צום געבעט, לויט בעפעהל, לויט אַן אייזערנעם געבאָט.

אלעס נעהמט מען צו ביי אונז — אפילו די זון און די שטער־רען. אין דרויסען איז די פרעהליכע וועלט איינגעהילט אין בלאָה־גאָלדענעם ליכט, אָבער צו אונז אין די קליינע, פער־גראטעוועטע פענסטער ברעכט אריין א גרוי, אָרים ליכט, האלב־ליכטיג איז אין אונזערע קאמערען, אַ חשך, אַ דעמערונג, א שטענדיגע — ווי אין אונזערע הערצער. און אונבעוועגליך איז אונזער געדאנק, ווי אלעס ארום אונז.

אָ. אואיילד.

# אינ'ם נעץ

### פון ש. י. אבראמאָוויטש.

(מענדעלי מוכר ספרים)



וי בחור איז אין דער היים ניט געווען, בשעת ביילע איז פערשלעפּט געוואָרען צו איהם אין הייזעל. די מוהמע שיינצע, וואָס האָט ניט געטהאָן קיין זאך אָהן דעם מאַן, האָט געהאַלטען דערווייל ביילע'ן אָבגעזונדערט פון די איבריגע מיידלעך אין אַ קאַמעריל פאַר זיך, געגעבען איהר כלומרשט, פון יוצא וועגען, עפּעס אַרבייט, ווי אַ שטייגער אייננעהען קנעפּלעך, אונטעראַרבייטען זאַקען, און אַלץ געזאָגט איהר, אַז דער בעל־הבית וועט קורמען, אם ירצה השם, וועט זי דענסטמאָל, נישקשה, האָבען גענוג אַרבייט. די מוהמע שיינצע איז זיך בעגאַנגען מיט איהר זעהר גוט, זי אונטערגעפּילעוועט, געמיינט דערביי, אַז דאָס שטיקעל סחורה זאָל אַ פּנים האָבען, לוי זאָל עס זיין צופרידען פון איהר און ווימען, אַז דאָס ווייב זיינס איז אַ מענש, מען מעג זיך אויף איהר פערלאָזען.

אַז לוי האָט דערזעהן ביילע'ן, איז ער פערצאַפּעלט געוואָרען פאַר פרייד, אַזוי איז זי איהם געפעלען.

— הערסטו, מיין ווייב, רופט ער זיך אָב, דאָס מיידעל איז אַ שטיקעל סחורה אַצינד איז זי נאָך רויה, אָבער מיט דער צייט וועט פון איהר ווערען אַ כלי. זי קען נאָך אמאָל אָנשפּאַרען אין די וויטע מקומות, ביים פעטער ישמעאל. און דערווייל, דאַרף מען זי לערנען מענשליכקייט.

לוי האָט גענומען דאָס טייטעל און אָנגעהויבען אויף זיין שטייגער לערנען ביילע'ן און דאָס מוז מען זאָגען וועגען לוי בחור, אַז מיט זיינע „לערען־מיידלעך", ווי זיי האָבען ביי איהם

געהייסען, האָט ער געקנעלט ווי א גוטער מלמד און אָנגעווענדט אַלע מיטעל ארויסצוטרייבען פון זיי די קליינשטעדטעלדיגע ווילדקייט, דאָס נארישע עקשנות — פריהער מיט גוטען און האָבען ניט געהאָלפען קיין רייד, פלעגט ער שוין געברויכען די הענד, א שטעקען, א רימען, נור עפּעס נישט אזוי, — זיינען געפלויגען פּעטש, קלעפּ.

איינמאָל האָט לוי ארייגעפיהרט אין קאמעריל צו ביילע'ן איינעם פון זיינע לייט, אריינקומענדיג מיט איהם, האָט לוי געזאָגט מיט א זיס שמייכעלע: טאָכטער, איך האָב דיר געבראַכט א חתן — אָבער גאָר אָן אנטיק! דער חתן איז ניט געווען קיין שעמעוודיגער און באלד טאַקי אָנגעהויבען טרייבען מיט איהר קאטאָוועס. ביילע לאָזט אראָב דעם קאָפּ; נעהמט ער איהר אָן פאר'ן האלז, גלעט זי. ביילע שטופּט איהם אָב פון זיך, רויט ווערענדיג, ווי פייער. דאָס גיט איהם אָבער צו מעהר מוט, ער חאַפּט זי ארום און וויל איהר א קוש טהאָן: ביילע לאָזט איהם אראָב צוויי פּעטש, רייסט זיך ארויס פון די ארעמס און אנטלויפט. נאָך אין דעם אייגענעם טאָג האָט איהר לוי מכבד געווען מיט'ן רימען, זאָגענדיג דערביי מוסר אזוי:

— אָט האָסטו דיר פאר דיינע גענג, דו חצופה איינע!... עס זאָל דיר ליגען אין טעם, זאָלסט געדענקען, נא, נא!... א מיידעל דארף זיין א שטילינקע, א גוטינקע, ליעב האָבען מענשען, צו איטליכען זיין צוגעלאָזט, פריינדליך, — וויסען דרך א"ץ — דרך ארץ פריהער פון אלע זאכען!

ביילע איז נישט צו דערקענען, אין די פּאָר טעג איז זי געעלטערט געוואָרען ווי אויף צעהן יאָהר, די באקען זיינען בלייך געוואָרען, בלויע רינגען זעהען זיך ארום די געשוואָלענע ברענענדיגע אויגען. איינמאָל זיצט זי ביי זיך אין צימער שטארק פערטומערט, רוקט זיך די מוהמע שיינצע אריין שוועבענדיג, שטיל ווי א קעצעלע, ביילע ווערט פערציטערט.

— איך האָב מיך שוין טאַקי נאָך דיר פערבענקט, — מאַכט

די מוהמע שיינצע, — לוי מיינער האט זיך געקליבען צו דיר, זאג איך: לאז מיך! קוק זיך נור אן אין שפּיגעל, ווי שעהן, אהן עין־הרע, דו ביסט. אזוי בין איך אויך אמאל געווען אין דיינע יאהרען, מען האט זיך אויף מיר געהאנגען. אודאי הייסט עס איצנד בין איך אלט, נור ווי דו קוקסט מיך אן — שמייבעלט שיינצע, אויסשטרעקענדיג זיך, דאס קעפּעלע פערווארפען אהינ־טער, דאס בייכעלע אויסגעפּוצט פארענט צו, נעהמענדיג זיך מיט ביידע הענד ביי די זייטען, — א, איז נאך שיינצע איצט גאר נישקשה׳דיג!... זיי, זאג איך דיר, נארעלע, קיין שוטה ניט, פאלג!... וואס שווייגסטו?

— וואס זאל איך רעדען? איך ווייס נישט, וואס איהר ווילט פון מיר האבען.

— דיין טובה, טאכטער, וויל מען האבען; מען וויל דער חתן זאל דיר געפעלען. יענער פגר׳ט נאך איהר און זי.... עפּעס טאקי נור א שטיין. געה טהו אזעלכער טובות!

— ווער דארף עס מיין תכלית פערזארגען? איך האב טאטע־מאמע ביז הונדערט און צוואנציג יאהר.

— מיר האבען שוין געהערט, געהערט אזעלכע זאכען. צום לעצטען מאל פרעג איך דיך, יא?

— ניין!

— עהע, ווידער די אנשטעלען! — צושרייט זיך די מוהמע שיינצע, ארויסגעהענדיג פון די כלים, שאקלענדיג מיט׳ן קעפּע־לע, און דינע רויטע אדערלעך טרעטען איהר ארוים אויף די פּעטע, מיט שמאלץ אבגעגאסענע באקען — אויך מיר א מענש, ביילצע! אומזיסט וועסטו עס פרעסען מיין זאלץ און ברויט, געהן אין מיינע קליידער? חצופה דו איינע, גולם! א שטיק פלייש ביסטו דו, א נבלה!

— אוי, דערבארעמדיגער גאט! — צואווייגט זיך ביילע און ברעכט די הענד, — ראטעווע מיך, רבונו של עולם, פון זייערע הענד!

— האלט מויל, חצופה! ווארט נור, אט וועט קומען לוי,

וועסטו ליגען אין קעלער, דאַרען־קוואַרען, מייז און ווערעם וועלען עסען דיין לייב. דער רוח, נישקשה, וועט דיר חאַפּען, וועסט בעסער ווערען! — רוקט זי אַרויס שיינצע אַ צוואַווילדעטע פון כעס.

ביילע נעהמט זיך אָן מיט ביידע הענד צו די האָר פון׳ם קאָפּ און טהוט זיך אַ וואָרף מיט אַ געוויין אויף דער קאַנאַפּע.



# אַן עפּיזאָד

## פון מ. ספּעקטאָר.

גבאָרען אין 1858 אין אומאַן, קיעווער גוב., האָט פערעפענטליכט זיין ערשטע ערצעהלונג אין 1883. נאָוועלען שרייבער.



יך שפּאַציער לאַנגזאַם אויף דעם טראָטואַר. אַ שעהנער טאָג. די גרויסע מאַגאַזינען־וויטרינען שפּיגלען און גילדען זיך פון דער זון, וועלכע שטעהט איצט הויך אין הימעל. עס איז ניט הייס, נור וואַרימלעך און עס אָטעמט זיך גרינג.

דאָס ברענגט מיך אין אַ גוטער שטימונג אַריין. מיינע צורייצטע נערווען בערוהיגען זיך. איך געה איבער׳ן טראָטואַר לאַנגזאַם, אַ צופרידענער מיט אַלע מענשען און מיט דער גאַנצער שעהנער וועלט.

פלוצלונג דערהער איך אַ געשריי און דערזעה, ווי מען לויפט. איינער לויפט פריהער און נאָך איהם אַ הויז־וועכטער מיט אַ בעזים אין האַנד, נאָך איהם — עטליכע מענשען, אינגלעך, אַ קרעמערין אין פערשמאַלצעוועטע קליידער און אַלע שרייען אויף פערשיעדענע לשונות:

— חאַפּט אַ גנב!

די מענשען, וואָס לויפען, שרייען; די אינגלעך פייפען און

קוויטשען פון שמחה, ווי אויף א יאגד. דער געיאָגטער פער־נעהמט זיך אין מיין זייט טראָטואר, וואָס ווייטער זעה איך אַלץ דייטליכער זיין פערשוויצט, פערקרימט, פער׳יסורים׳ט גע־זיכט. ער כאַפּט קוים דעם אָטעם און לויפט אַלץ גיכער מיט זיינע לעצטע קרעפטען. מיר קומט אויפ׳ן געדאנק, אז אויב איך זאָל נאָר אויסשטרעקען די האנד, וועל איך איהם חאַפּען.

אזוי טראכטענדיג, דערזעה איך דעם מענשען נעבען מיר און צוויי גרויסע, דערשראָקענע, גלאַנצענדיגע פון טרערען אויגען קוקען אויף מיר מיט אזוי פיעל געבעט און תחנונים, אז מיין הארץ איז פול געוואָרען מיט רחמנות צו איהם.

איין מאָמענט האָט דאָס געדויערט, פאַר מיר איז דאָס געוועזען אן אייביגקייט. איך בין געבליבען שטעהן ווי פערגלי־ווערט; מיינע הענד האָבען זיך אראָבגעלאָזט, ער איז פאַר מיר פאַרבייגעלאָפען, און נאָך שטארקער האָט זיך דערהערט נעבען מיינע אויערען: חאַפּט א גנב! און דאָס גרילצען און דאָס שרייען און דאָס פייפען פון די לויפענדע אינגלעך, וועלכע זיינען ווי יאגד־הינטלעך געלאָפען מיט זייערע קליינע פיסלעך נאָך די גרויסע מיט זייערע לאנגע פיס.

ווי א פערטומעלטער בין איך געבליבען שטעהן אויף דעם טראָטואר, און חאָטש ער איז שוין געוועזען ווייט פון מיר — האָב איך אַרום מיר גאָר נישט געזעהען, נאָר זיינע גרויסע, גלאַנצענדיגע, בעטענדיגע אויגען, וועלכע האָבען ארויסגעקוקט פון א געזיכט אן אָנגעשראָקענעם און פער׳יסורים׳טען.

טעג און וואָכען זיינען אַוועק און די בעטענדיגע אויגען האָב איך אַלץ ניט געקענט פערגעסען.

* * *

עס איז ווידער געוועזען א שעהנער טאָג, די זון האָט ליעב־ליך געשיינט און איך בין ווידער געוועזען אין א גוטער שטימונג.

פּלוצלונג געהט מיר איינער אנטקעגען, בויגט זיך איין, חאַפּט מיין האנד, קושט זי. דערשראָקען חאַפּ איך אוועק די האנד און פרעג:

— וואָס איז?

— א דאנק, א גרויסען דאנק אייך.

— פארוואס?

— וואס איהר האט מיך געראטעוועט... איהר געדענקט נישט? אָ, איך וועל אייך קיינמאל ניט פערגעסען.

איך האב א קוק געטהאן אין זיינע אויגען און האב זיך דערמאנט: דאס איז יענער..

— ווי אזוי האט איהר מיך דערקענט?

— איין מאמענט האט איהר געקוקט אויף מיר, נאר איך וועל אין מיין גאנץ לעבען ניט פערגעסען אייערע גוטע אויגען, וואס האבען געקוקט אויף מיר מיט רחמנות.

און ער דערצעהלט:

— ווען נישט איהר, ווען איך שלאג זיך אן אויף אן אנ־דערען לויפענדיג, ווער ווייס וואס עס וואלט איצטער געווען מיט מיין ווייב, מיט מיינע קינדער, ווער ווייס וואו איך וואלט איצ־טער אנגעשפארט... איך בין געלאפען ווי א משוגענער הונד, פאר די אויגען האט זיך מיר געדרעהט א נעפעל, אלע גלידער האבען אין מיר געציטערט. און פלוצלונג שלאג איך זיך אן אן אייך. מיר האט זיך גערוכט, אט שטרעקט איהר אויס אייערע הענד און איהר חאפט מיך... איין מאמענט האט עס געדויערט, איהר האט געקוקט אויף מיר... דאס ערשטע מאל אין מיין לע־בען האב איך געזעהן אזא רחמנות צו מיר, אין דעם איינעם מא־מענט האב איך אזוי פיעל איבערגעלעבט...

מיט גיכע טריט איז דער אונבעקאנטער פערשוואונדען פון מיר.

# מאַריאַשקע

## פון י. ד. בערקאָוויטש.



עבען אויבען אין א ווינקעל איז געשטאַנען מאַריאַש־קע׳ס פאָטער — איין אָרים נידריג אידעל מיט רויטע אויגען, פערלאָפּענע מיט אייטער, אין א אַלט פערשמאַלצעוועט היטעל, אַנגערוקט טיעף ביז אין די אויערען. ער האָט גערדאַוועט מעריב מיט א נגון, אַלע ווײלע זיך ארומגעקוקט אין זיין ווינקעל אומרוהיג און אונטערטעניג, פּונקט ווי ער וואָלט זיך אַלץ שרעקען טאָמער חס ושלום פערנעמט ער דאָ איין איבעריג אָרט. דער אָרימער מענש האָט אַלץ געהויבען די אַקסלען; זיין קליין פּנים׳על, א רויטס ווי בורעקעל, האָט עפּעס געריהרט און גע־קרימט זיך פון אונטער דעם אַלטען טיפען היטעל.

דורך דער טיהר פון קיך האָט מען געקענט זעהן, ווי מאַר־יאשקע רעדט עפּעס שטיל מיט א הויכער אידענע, אַן אָנגע־פּעלצטער פון קאָפּ ביז די פיס; אַז די מיידעל האָט דערזעהן דעם לעהרער אריינגעהענדיג, האָט זי זיך צוטומעלט, געפּרואווט שמייכלען, געחאַפּט עפּעס א מולטער און גענומען זיך ארומ־טראָגען מיט דעם איבער דער קיך.

דערזעהענדיג דעם לעהרער, האָט מאַריאַשקע׳ס פאָטער זיך צוזאַמענגעצויגען און גענומען רוקען זיך פריינדליך צום אויווען, דערביי האָט זיין קליין רויט פּנים׳על זיך געריהרט און צוגע־זואונקען, גלייך ווי ער וואָלט דערמיט געגעבען צו וויסען, אַז ביי איהם אין ווינקעל וועט נאָך קלעקען אָרט פאַר׳ן לעהרער אויך.

פון גאַס זיינען אריינגעקומען דער בעל־הבית מיט זיין ווייב, דערזעהען דעם בעל־הבית, האָט דאָס אידעל זיך גענומען נאָך פלייסיגער דאַוונען, צושאָקעלט זיך אין אַלע זייטען מיט

גרויס כונה, זיך אָנגעבויגען און אַ שפּיי געטהאָן מיט אַ ברען, געגעבען דערביי אַ קוק אויפ'ן בעל־הבית און אַ וואונק און גע־דוכט האָט זיך, אַז דאָס וויל ער זאָגען: ווי געפעלט אייך אַזאַ מין דאַוונען, הא?

— איהר דאַוועָנט מעריב? — האָט געפרעגט דער בעל־הבית.

— הא? מעריב? — דאָס אידעל האָט געגעבען אַ פּאָר פּאַרזיכטיגע דרך־ארץ'דיגע טריט און איז געבליבען שטעהן אינ־מיטען שטוב. — אום־הום, כ'האָב געדאַוועָנט מעריב האָב איך. כ'מיין, מענשען אין אונזער גראַד, הייסט עס... אבי געזונד! הע־הע...

— נו, ווי באַלד אַ איד האָט געדאַוועָנט מעריב, דאַרף מען איהם געבען אָבעסען. איהר ווילט דאָך מסתמא עסען, הא? דבורה, היים געבען צום טיש, אַ איד וויל עסען!

— אי־אי... ווער זאָגט? הע־הע, ניט אַזוי נויטיג... כ'מיין, מענשען אין אונזער גראַד... טאַקי אין דער אמת'ן... נייע געסט! עט, גאַרנישט...

דאָס אידעל האָט גענומען מאַכען פּרעהליכע העויות, שמייכ־לען חניפה'דיג מיט זיין רויטען ריהרעוודיגען פּנים און איז זיך דערוויל לאַנגזאַם—לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צום טיש. דער קליינינטשקער, שיינענדיגער, גליקליכער מענש האָט געריבען זיי־נע דאַרע, רויטע, ערשט־געוואַשענע הענטלעך איינס אָן דאָס אַנדערע. פון הינטען איז נאָכגעגאַנגען די הויכע אָנגעפּעלצטע אידענע. זיי האָבען זיך געזעצט צום טיש. מאַריאַשקע, אַ שעהמעוודיגע, אַ פערצווייפעלטע, האָט זיי דערלאַנגט צוויי טע־לער מיט זויערמילך, דער פּאַטער איהרער האָט געגעסען וואָס מעהר ברויט; עסענדיג האָט ביי איהם דאָס פּנים'על גע־טאַנצט און געוואונקען, זיינע רויטע אייטערדיגע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרעהרען. זיין ווייב האָט ביי'ם טיש אויף קיינעם ניט געקוקט: די גאַנצע צייט האָט ביי איהר געפלאַמט דאָס פּנים.

דער בעל־הבית, ווי א מענש, וואס פיהלט, אז ער האט אָב־געטהאָן א גוטע זאך, האט אומגעשפרייזט איבער'ן צימער מיט גדלות פון א איד א נגיד, צוגעגאנגען צו די אינגלעך און אָנגע־שריען אויף זיי אויף א קול, אז זיי זאָלען ניט קוקען פרעמדע מענשען אין די אויגען, בשעת זיי עסען.

מאריאשקע האט אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ.

דורך דער אָפענער טיר האט זיך געהערט דעם בעל־הבית קול.

— עסט, עסט. מאריאשקע, וואו איז זי, הא? א פּנים האט עס, אז דו האָסט שוין אָבגעגעסען, וואס שטעהסט דו עפּעס? גיב דעם טאטען נאך זויער מילך... אָדער אפשר א שטיקעל קעז...

— או־או... צוליעב וואס? כ'מיין, הע־הע.. מענשען אין אונזער גראד... כ'מיין, וויפיעל איז דער שיעור א מענש זאָל עסען? הע, הע...

* * *

אין שטוב זענען שוין אַלע געשלאָפען, נאָר אין קיך האט נאך געברענט א קליין לעמפּעל, דאָרט זיינען געזעסען מאריאש־קע מיט איהר מאמע'ן און האבען שטיל גערעדט צווישען זיך, דער טאטע איז אוועק אין שטאל שלאָפען ביי זיך אין וואָגען; ער האט געחראָפּעט הויך, די פערד האבען געקייעט היי, געסאָ־פּעט מיט די נאָזלעכער און געבריקעט מיט די פיס אין דער פינסטער.

— א יונגע, זאָגסטו דו... א מיידעל, שוין דאנקען גאָט, איי־בער צוואנציג, ביי פרעמדע לייט? וואָלטען מיר געווען צו לייי־טען גלייך, נור וואס טויגען די רייד? פון דעם טאטענס שעה־נער פרנסה האבען מיר דאך גאָרנישט. מאכט זיך יאָ אמאָל א רעכטע זאך, טויג ער דאך פון דאנען אהין נישט. אנומעלט האט ער זיך פערדונגען ביי חיים יעקב'ען פאר א שומר אין גאָרטען, רוכט זיך, גאָר גוט: דריטהאלבען רובעל א וואָך. אין צוויי טעג ארום, איך שטעה אויף גאַנץ בעגינען, וויל נעהמען אוועק־

טראָגען איהם א שטיקעל חלה אויף אָנבייסען, איך עפען אויף די טיר — אהא, ער איז דאָ! שטעהט און האַלט זיך מיט די הענד אָן וואנד און הוסט, און עס טרייסעלט איהם א צאָהן אויף א צאָהן; איז ער איינער אַליין, בעפאַלט איהם א שרעק אין דער פינסטער, היינט האָט ער גאָר מורא פאר'ן פריץ'ס הינד... דאָס הארץ טהוט וועה קוקענדיג אויף איהם... און דערצו האָט ער צרות מיט די אויגען, וואָס טהו איך, אז ער ווערט חלילה מיט אמאָל בלינד? און דו זאָגסט נאָך א יונגע...

מאַריאַשקע איז געזעסען מיט איין אראָבגעלאָזטען קאָפּ און געשוויגען. פון דער שטאָל האָט זיך געהערט, ווי דער טאַ־טע האָט זיך אויפגעהאַפּט און גענומען הוסטען און חראקען, ער האָט זיך עפּעס צוקרעכצט; דערנאָך איז געוואָרען שטיל, פערדישע פיס האָבען ווידער געבריקעט אין דער פינסטער.

— זעהסט דו, אז עס מאַכט זיך אַזא שידוך... א בחור א געזונדער, האָרעוועט אין מיהל, ווי א אייזעל, פערדינט פיער רובעל א וואָך, איז דאָס פאַר דיר א שידוך, ווי געוואונשען. איך לייקען ניט, אז דו ביסט א שעהנע, א פיינע, א פּאַרשוין, אָהן עין הרע, אָבער וואָס האָסט דו פון דיין שעהנקייט? שעהנקייט איז גוט פאַר די רייכע, אָבער פאַר מענשען אין אונזער גראַד איז דאָס אַן אומגליק.

מאַריאַשקע איז אויפגעשטאַנען פון באַנק מיט פולע אויגען מיט טרעהרען.

— טו וואָס ווילנסט דו, נאַרעלע? איך וואָלט זאָגען, אז איך קען דיך חתונה מאַכען פאַר א רב, צי פאַר א שוחט.. איך גיב דאָך דיר צו פערשטעהן. און זי, דער נאַר...

מאַריאַשקע האָט געהאַפּט און געשווינד ארויסגעגאַנגען צום גאַניק, זי האָט זיך מעהר ניט געקענט איינהאַלטען, זי האָט זיך צוחליפּעט.

א ווייל׳ע האָט די מאַמע געשוויגען און געשטאַנען הינטער דער טאָכטער, ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן. דערנאָך האָט זי צו איהר גערעדט שטיל און פאַרזיכטיג:

— וואס, מיר זיינען אויסען דיין רעה ? איך האב אלץ געמיינט, אדרבא, דו וועסט נאך זיין צופרידען...

דאס מיידעל איז געשטאנען א פערוויינטע, א שוויינגענדיגע, א בעלויכטענע פון דער פולער לבנה, מיט'ן פנים צו די ווייטע פעלדער, וואס ציהען זיך הינטער דעם פערשלאפענעם דארף. אויף יענער זייט טייך איז געשטאנען א לייכטער, א בלויליכער, א דורכזיכטיגער נעבעל, אינדרויסען האט זיך קוים געפיהלט א פייכט, קיהל ווינדטעל, דער הימעל איז געווען ריין און טיף, מיט א פאר העלע שטערען, נור עס האט שוין געשמעקט מיט'ן קומענדיגען הערבסט.

דאס מיידעל האט זיך מיט א מאל צוואויינט הויך אויף א קול, און אינמיטען דער שטילער נאכט איז איהר געוויין אהן יעדער טרייסט געווען, א פערצווייפעלט געוויין, ווי ביי קינדער, וועלכע מען האט אבגענארט און בעליידיגט.



# איידעל'ס סוף

## פון ש. י. אבראמאוויטש



שלעכטען סוף האט גענומען די אומגליקליכע איידעל, ווי אלע אומגליקליכע איהרס גלייכען, א קרענק האט זיך ארייגעכאפט צו איהר אין די ביינער און איינגעגעסען זיך אין איהר לייב. א פערלאזענע פון אלע, א פערגעסענע איז זי געלעגען אין שפיטאל און געטראכט האט זי, אז גרויסע צדקניות, צנועות זיינען אויך געווען געפאנגען א מאל, ווי עס שטעהט געשריבען אין ספרים, אבער דער גוטער גאט האט זיי מוחל געווען זייערע זינד צוליעב דער ריינער נשמה זייערער.

זיצענדיג ביי שיינצי'ן אין צימער, פיהרט האדיל די מעק־

לערין מיט איהר א לאנגען, ווארימען שמועס, טונקט איין א שטיקעל לעקעך אין בראנפען און טהוט זיך פלוצלונג א חאפ:

— אוי, שיינצעניו, גוט וואס איך האב זיך דערמאנט? נעכטען געה איך מיר פארביי גראד דעם שפיטאל, טראכט איך מיר: האַ, לאמיר, כ'לעבען, ארייןגעהן צו דער יפה־פיה דיינער א קוק טהאן, וואס זי מאכט, אוי, וואס זאל איך דיר זאגען, נשמה מיינע, מאכען זאלען אזוי, רבונו של עולם, אונזערע שונאים! וואו שעהנקייט, וואו לייב — איינגאנצען הויט און ביין! זי האט אנגעשטעלט אויף מיר א פאר געשוואלענע, פער־לאפענע אויגען און געקוקט שווייגענדיג: זי קוקט און פון די אויגען קאפ־קאפ הייסע טרעהרען, א צובראכענער שארבען; איך האב איהר געזאגט, אז דו גריסט איהר פריינדליך און פרעגסט, וואס זי מאכט; קוים האט זי דאס דערהערט, איז זי פערציטערט געווארען מיט אלע אברים, די אויגען האבען זיך איהר אנגעצונדען און פונ'ם מויל גיסט זיך פעך און שוועבעל. הלואי ווי דו האסט זיי ניט געהערט, אזוי זאלען זיי דיר ניט שאדען.

— אמן, — שרייט אוים שיינצע, אויפשפרינגענדיג פונ'ם בענקעל; — נו, זאג, וואס איז היינט פאר א וועלט? אט האסט דו דיר דעם דאנק פאר דער טובה, וואס מיר האבען איהר געטהאן: א פערלארענע האבען מיר זי גענומען צו זיך אין הויז אריין, בעצאהלט איהרע חובות; זי האט געגעסען, גע־טרונקען, געפוצט זיך, געטהאן זיך וואויל זיין — אלץ פון אונ־זער גוטס. איי וואס, עס מאכט זיך אמאל עפעס אזוינס, נישט דא גערעכט, מילא וואס, ווער איז דערינען שולדיג? ווי זאל מיר ניט צוזעצט ווערען דאס הארץ, הערענדיג, אז אזוינע, איך בעט דיך מחילה, אז... אז...

— שיינדעניו, נשמה'ניו, איך בעט דיך, עס דיר נישט אב אזוי דאס הארץ! אומזיסטע קללות פערשווינדען מיט'ן רויך אויף פוסטע פעלדער, אויף וויסטע וועלדער. איך האב חרטה, וואס איך האב דיר דערצעהלט אזוינס.... בערוהיג זיך אביסעל!

און נישט צוליעב מיר, טהו עס, איך בעט דיך, צוליעב דיה טאקי, א רחמנות נעבעך, אויף דיין געזונד!

אזוי האט געהאלטען אין פלאפלען האדעל, פערשנירענדיג די ליפעלעך מיט א קול פון געבעט, ווי ביי תחינות.

אדיל איז ארויס פונ'ם שפיטאל שטארק פערענדערט! שלאף, צובראכען, געל ווי וואקס, אויסגעטריקענט, די האר אויס־געקראכען, א הונגעריגע איז זי צוגעקומען אבענד צייט צו לוי־בחור'ס הויז. די מוהמע שיינדעל האט איהר געהייסען געהן, זי איז אן איבריגע, א צובראכענער שארבען, און די נאכט איז געווען א ליבליכע, א מילדע. איידעל האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר, זי איז אבגעזעסען אין גארטען די נאכט, אין דער פריה אויף מארגען האט מען זי געפונען א הענגענדיגע אויף א בוים.

וועמען איז אבגעגאנגען אזא נפש, מישטיינס געזאגט, ווי איידיל? כן יאבדו!

נישט מאכענדיג קיין לאנגע צערעמאניען, האט מען אייד־לען אריינגעווארפען אין א מיסט־וועגעלע און ווי א הונד בע־גראבען אונטער'ן פלויט. די טערקינע און מאלווינקא האבען אראבגעלאזט די קעפ און ביטער געיאמערט.

— ע־עך! — ווישט זיך מאלווינקא די אויגען און מאכט מיט דער האנד. — פערפאלען! פערביים די ליפען — און שא!

— אז אך און וועה צו אונזער לעבען און וועה צו אונזער טויט, — קלאגט די טערקינע — אונז לעגט מען אונטער'ן פלויט און דארט, זעהסט, איבער דעם פלויט...

— איבער'ן פלויט, זאגסט דו? א שפינגעוועב זעה איך דארט מיט הוילע הייטלעך פון פליגען.

— אט דאס, שוועסטער, ביסט דו, בין איך, זיינען מיר אלע! ביסט געדעכט, די שפינען פערפלאנטערען אונז אין א נעץ, נאגען אונזער בלוט אויס און געהען זיך זייער וועג. — און מיר, פליגען, הענגען, פוילען! יענע, וואס פייניגען, זיינען די פיינע לייט און די געפייניגטע, פערפיהרטע... יענע פיינע

לייט ווערען געהויכט, געהויבען אין דער וועלט, האָבען דעם אויבען־אָן אפילו אויפ'ן בית־עולם און די גוטע, טייערע איידעל... ליגט ווי אַ הונד אונטער'ן פּלייט... אומגליקליכע איידעל, צו וואָס האָבען מענשען דיך געבראַכט.

אזוי האָט גערעדט די טערקינע און צוואויינט זיך, שרייענ־דיג: אוי, ווי ביסט דו גוטער, דערבאַרעמדיגער גאָט?



# הינטער'ן שלאָס

פון ל. האַלפּער.

איינגשמיעדטע זיינען מיר,
יעדער אין זיין קאמער זיצט בעזונדער;
איינגעשפּארטערהייט, ביי'ם טיר —
שטעהען מיר און ווארטען אויף א וואונדער:

פּלוצלונג עמיץ שטילערהייט
עפענען וועט אלע טירען,
וועט צורייסען אונזער קייט,
אונז פון תפיסה ארויספיהרען.

* * *

קלינג-קלאנג, טאנץ איך מיר
מיט די קייטען אויף די פיס,
מיט'ן שווארצען ברויט אין האנד,
גיב א טאנץ און גיב א ביס,
מיט'ן קריגעל טהע אין האנד,
גיב א טאנץ און גיב א טרונק,
ועבטער צו און ועבטער אָב, —
איך פערשטעה איהם אויפ'ן וואונק...

העכער, העכער טאנץ איך מיר,
יאָהרען זיצען דארף איך דאָ;
רייס איך אויס א גראָהע האָר,
ווערט צוריק א צווייטע גראָה;
רייס איך צוויי און רייס איך דריי,
און א טאנץ נאָך יעדען ריס,
טהו א טאנץ און טהו א קלונג
מיט די קייטען אויף די פיס.

# אַרום וואָקזאַל

## פון ד. בערגעלסאָן.

געבאָרען אין אַ שטעדטעל פון קיעווער גוב. אין אָנהויב פון די 90־ער יאָהרען. זיין ערשטע ערצעהלונג „אַרום אַ קוואַל“ איז ערשיענען אין 1909.



יני ליסאַק האָט זיך איינגעהויקערט, ארומגעקוקט, צי ס׳קוקט איהם קיין מענש ניט נאָך, און שטילערהייט זיינע ביינער פון וואָקזאַל אָבגעטראָגען. ער איז שוין דאָרט סיי ווי סיי איבעריג געווען און גערעדט האָט ער שוין מיט קיינעם ניט, און מורא געהאַט האָט ער שוין פאַר יעדען. אַ שטיק צייט האָבען די סוחרים זיין פּליטה גאָרניט בעמערקט, מען האָט זיך אָבער צום סוף אומגעקוקט און זיך געוואונדערט:

— הערט אַ מעשה?

— איך זעה איהם שוין טאַקי אַ שטיק צייט ניט, — האָט זיך דאָס מאָל צום עולם צוגעשאַרט לוי פּיווניאַק און געגעבען צו וויסען:

— וואָס, פּיני ליסאַק? ער געהט אַרום אין די הייזער.

אַ מזיק, דער איינגעהויקערטער פּיווניאַק; קיין זאַך איז פון זיינע אויגען ניט צוגעדעקט!

און אַז דער עולם האָט זיך דאָס אַלץ ניט געגלויבט, האָט ער קאַלטבלוטיג די הענד אין די אַרבעל אַריינגעשטעקט, דעם קאָפּ פּאַמעליך אויף דער ברוסט אַראָבגעלאָזען און, ניט קוקענדיג אויף קיינעם, אויפ׳ן קול אויסגעשריען:

— נחום ! וואו ביזטו ערגיץ ?

האט זיך צוגערוקט א רויטער יונגער מאן מיט א רויטען קלייענדיגען פנים מיט א פערבונדענער באק, און שטארק בלייכע ליפען, און עדות געזאגט :

— מיין שוויגער אליין האט איהם אין אדעס געזעהן ; ער געהט ארום אויף דעם לימאן און זאגט, אז ער איז פון די קאלי־בעלאדע נשרפים.

אבטהוענדיג זיינס, האט פיווניאק גלאט אזוי א הוסט גע־געבען און, ניט אויפהויבענדיג דעם קאפ, פאמעליך אוועקגע־שפאנט.

און די סוחרים זיינען נאך פערוואונדערטע געווען און מיט עטוואס שמייכלענדיגע פנים׳ער זיך געקוקט אין די אויגען. זיי האבען שוין געגלויבט, געשוויגען און געקלערט וועגען ליסאק׳ען, זיין שווארצען און איבערגעשראקענעם פנים, וואס בלאנקעט ערגעץ ארום ווייט, ווייט און קרימט זיך פאר אבגעברענטע ווייבער, וואס שמירען זיך אלע טאג דאס לייב מיט בלאטע :

— פון די קאליבעלאדער נשרפים.

און נעבען זיי איז נאך געשטאנען דער רויטער יונגערמאן מיט׳ן קלייענדיגען פנים און שטארק בלאסע ליפען און זיך ערנסט געשווארען :

— זאל איך אזוי א גוט יאהר האבען...

אין א פאר וואכען ארום, ווען די צוגען זיינען איינמאל אבגעגאנגען און אויפ׳ן וואקזאל האט שוין דער עולם אנגעהוי־בען קלענער ווערען, האבען די סוחרים בעמערקט ליסאק׳ס ווייב ; א שוואנגערע און א גראבע, מיט גלאטע געלע האר און אויף אזא גלאטען און געלבליכען פנים, איז זי געשטאנען מיט׳ן פנים צו דער וואנד און שטיל געוויינט.

די סוחרים האבען זיך ארומגעדרעהט פון ווייטענס, גע־האפט א קוק אויף איהרע אקסלען, וואס האבען געציטערט, און דערמאנט זיך, אז ניט לאנג האבען איהרע האר מיט פארפום געשמעקט און אליין איז זי געזעסען מיט ליסאק׳ן אינ׳ם קליינעם

קאבינעט און זיך אין מסחר געמישט. זיי זיינען געריהרט געוואָ־רען און געמאַכט איהר אַ נדבה. צונויפגענומען די נדבה האָט אַלי דערבארעמדיגער אליין; ער האָט צו יעדען געשמייכעלט מיט זיינע גוטע אויגען און צוגעגאַנגען מיט זיין דינעם, ווייבער־שען קול:

— אויף אַזאַ זאַך דאַרף מען צומאַכען די אויגען און געבען. סוחרים האָבען רחמים בעקומען און געגעבען.

ווען מען איז צו ביניש רובינשטיין צוגעגאַנגען, האָט פיווניאַק אַריינגערוקט די נאָז און צוגעמורמעלט:

— גיט, גיט, אי״ה ביי אייך וועלען מיר אויך געבען.

דער עולם האָט הנאה געהאַט און געלאַכט, און ביי בייניש׳ען האָבען די טיפע אויגען אַ ציטער געטהאָן און מיט אַמאָל צו לייכטען אַנגעהויבען.

ביניש האָט ניט פערשטאַנען, וואָס האָט צו איהם אָט די ברייטביינערדיגע און איינגעהויקערטע בריאה: ער האָט איהם קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטהאָן. אין כעס ווערענדיג אויף אַלע סוחרים, האָט ביניש אָנגעוויזען אויף דער וויינענדי־גער פרוי און געזאָגט:

— אָט דעם ווייבעל׳ס מאַן האָבען זיי פאַר אַ קבצן גע־מאַכט. איהם האָבען זיי קיין אַדעם משלח געווען נדבות בעטען, און איהר מאַכט זיי דאָ אַ נדבה. גוט אַזוי, האַ?

* * *

אויפ׳ן וואָקזאַל־פּלאַץ איז שוין געווען קאַלט, לעדיג. אין אַן עק זיינען נאָך געשטאַנען עטליכע אויסגעטרונקענע סוחרים און צווישען צווייען איז געווען אַ גערעד וועגען דער מכירה ביי אַ פריץ.

אַ קאַלטען ווינד האָט פונ׳ם עקעל אַלע מאָל געבראַכט אָב־געריסענע סוחר׳ישע קולות און זיי צושפּרייט וויט אַרום.

— הלואי זאָלסטו האַלב פערקרענקען, וויפיעל דו האָסט מיר שאָדען געטהאָן.

ביניש׳ען האָט זיך אויסגערוכט, אַז פונ׳ם פינסטערען עק

איז אַרויסגעקראָכען עמיצער, זיך איינגעהויקערט, פערקרימט און אויסגעשטרעקט פון ווייטענס נאָך די האַנד נאָך א נדבה, נור ביינישׁ האָט־איהם גאַרנישט געגעבען, זיך אוועקגעדרעהט און דערביי געפּיהלט, ווי עס רייצט זיך מיט איהם עמיצער, זאָ־גענדיג :

— גיב יאָ, גיב ניט, סיי ווי ווי ועסטו, ביינישׁ, זיין א קבצן.

ביינישׁ האָט געביסען די נעגעל און פאַמעליך אוועקגע־שפּאַנט פון׳ם וואָקזאַל. איהם האָט זיך געדוכט, אז ער ווערט א קבצן, אזא מרה־שחורה׳דיגער און איבערגעשראָקענער, ווי פּיני ליסאַק, די וואַקזאַל־לייט וועלען לאַכען פון איהם אַזוי, ווי זיי לאַכען פון ליסאַק׳ן.

לאַנגזאַם און פערטראַכט האָט זיך געשפּאַנט ביינישׁ און אַלץ געדענקט און ניט געקענט פערגעסען, אז ער טרינקט זיך און געהט צו גרונד מיט זיין גאַנצען פערמעגען, ער — ביי־נישׁ רובינשטיין, וואָס האָט אַזא נאַרישע, אומגעלומפּערטע ווייב און טהוט אַלץ ניט דאָס, וואָס מען דאַרף.

אָבגעוועלקטע, אויסגעלאָשענע וואַקזאַל־שטיבלעך זיינען געשטאַנען אין א לאַנגער שורה, און געדרעמעלט גרינג און רוהיג. די פינסטערניש אַרום האָט זיך געשטאַרקט. ביינישׁ׳ען איז אַר־מעדיג געוואָרען. איהם אַנטקעגען האָט געקוקט אברהמ׳טשיקס שעהנע און בעלויכטענע שטוב. ער האָט זי בעטראַכט.

— א שעהנע שטוב, א קליינע, א שעהנע.

א שמאָלער שיין האָט זיך דורכגעשלאָגען דורך די לאָדען ; א פּאָר פענסטער זיינען געווען אָפען און ניט בעלויכטעט. נור פּלוצלונג האָט ער דערזעהן אברהמ׳טשיקס ווייבעל, האַלטענדיג א ליכט אין האַנד, זי איז געשטאַנען אינמיטען שטוב, צווישען די בעטען, קאַמאָדען און טישלעך, האָט אויסגעצויגען איהר שלאַנ־קען קערפּער, בעטראַכט אַלץ אַרום, זיך עפּעס דערשראָקען און א חאַפּ געטהאָן צוריק. דאָס ליכט איז איהר אַרויסגעפאַלען פון דער האַנד און פערלאָשען געוואָרען.

ביינישׁ׳ען האָט שטאַרק געקלאַפּט דאָס האַרץ :

— ארייגעהן? — האָט ער געקלערט.

אָבער אין שטוב איז ווידער ליכטיג געוואָרען, און ביינישׂ איז אוועקגעגאַנגען, טראַכטענדיג: באַלד וועט קומען אברהמ׳־טשיק שמייכלענדיג צו איהר מיט זיין פוילען, זאַטען, נאַרישען שמייכעל.

* * *

פינסטערע און קאַלטע זיינען געוועזן די נעכט און האָבען מיט איינזאַמקייט געאָטעמט. אויפ׳ן וואָקזאַל איז געזעסען אברהמ׳טשיק און געשפּילט מיט די סוחרים אין קאָרטען און גע־נומען אַ ביסעל משקה ביים אָנגעברוגז׳טען טאַטער.

ביינישׂ איז צוגעגאַנגען צום וואַקזאַל און גענומען טרינ־קען ביער. ער האָט ניט געקענט טרינקען, האָט זיך ביי איהם אפילו פון ביער געדרעהט דער קאָפּ און די אויגען האָבען מיט מעהר שנאה געקוקט אויף די סוחרים און אברהמ׳טשיק׳ן אינ׳ם אַנדערען צימער. ער האָט געפרעגט ביים טאַטער:

— די סוחרים שפּילען? הא?

דער טאַטער האָט זיך צו איהם עטוואָס צוגעבויגען און געזאָגט, ווי אָבגעבענדיג אַ רעפּאָרט:

— אין מאַנסבילשען חדר.

ביינישׂ האָט מיט אַ מאָל אַ גאַנצע גלאָז ביער אויסגעטרונ־קען און דעם גראָבען קאָפּ, דעם טאַטער, צו פערשטעהן געגעבען:

— זיי קענען איצטער ניט איינער ביים צווייטען אין מסחר געלד אויסנאַרען, — די געשעפטען געשלאָגען, פערשטעהסט דו, — נאַרען זיי דאָס אויס אין קאָרטען־שפּיעל.

דער נייער געדאַנק איז ביינישׂ׳ן זעהר געפעלען געוואָרען, האָט ער צום טאַטער אַ שמייכעל געטהאָן:

— אַ סוחר, אז ער קען קיין געלד נישט אויסנאַרען, קען ער נישט לעבען. פערשטעהסט?... אָט, למשל, איך...

נאָר דער טאַטער האָט געפינטעלט מיט די אויגען און גאָר־ניט פערשטאַנען. ביינישׂ האָט אויף איהם מיט׳ן האַנד אוועק־געמאַכט און איז אַרויסגעגאַנגען. אַ קאַלטער וועטער האָט איהם

מיט א מאָל ארומגענומען.

ער איז נעגאנגען און געטראכט :

— אָט, למשל, איך...

פונ׳ם אויסגעטרונקענעם ביער האָט זיך איהם געדרעהט דער קאָפּ, אומעטיגע און פרעהליכע געדאנקען האָבען זיך אין איהם געפּלאָנטערט און איהם איז געווען אי פרעהליך, אי טרויעריג :

— איהם איז געווים שלעכט, געווים, נור אז מען וויל צו־ריק... סוחרים, אלי דערבארעמדיגער, אברהמ׳טשיק קויפּמאן און זיי אלע, וואָס זיצען אין מאנסבילישען חדר... חי־חי־חי... זיי נארען איינער דעם צווייטען, און ער, בייניש רובינשטיין, ער קען ניט אָבנארען... וועט ער עפּעס אַן אנדער זאך טהאָן... עסען מוז מען דאָך... ער וועט א מלמד ווערען, אין דאָרף.. חי־חי...

בייניש האָט ארומגעשפּאנט נעבען אברה׳טשיק׳ס שטוב, אריינגעקוקט אין פענסטער ; אין זיינע אויגען זיינען טרעהרען געשטאנען. איהם איז געווען אזוי קאַלט. און זי, האָט ער גע־זעהן, האָט זיך אויפגעשטעלט, ארויסגעדרעהט דעם לאָמפּ... איהר איז אודאי אומעטיג, פאַרוואָס זאָל ער ניט אריינגעהן ?

ער איז אריינגעגאנגען, געזעצט זיך געגען איהר ביים טיש און געזאָגט :

— פאַרביי דורכגעגאנגען, אזוי זיך אריינגעגאנגען... איך בין א סוחר.

פּלוצלונג האָט ער זיך פערטראכט, א זיפץ געטהאָן :

— ניט אלעמען לעבט זיך גוט.

איהרע אויגען האָבען מיט שרעק אריינגעקוקט אין זיין פּנים :

— דערצעהלט, ווי לעבט זיך דאָ...

— ניט אלעמען... הם... לעבט זיך גלייך.

בייניש האָט זיך דערמאָנט אָן די אלע סוחרים, וואָס זיצען אין מאנסבילישען חדר, האָט ער א שמייכעל געטהאָן :

— עט, ווי אזוי לעבט מען דאָ ? ווי די חזירים, ווי די הינט.

אויף מאָרגען איז ביינמיש ווידער געזעסען געגען איהר אין דעם בעלויכטענעם חדר און געפיהלט זיך אַזוי גרינג.

ער האָט זיך געקלאָגט אויף די סוחרים און אויפ'ן מסחר:

— סוחרים, איהר פערשטעהט? דאָס איז אַזא מיאוסע אומה... זיי דערוואַרגען פריהער א מענשען און נאָכדעם האָבען זיי אויף איהם רחמנות, זיי דערוואַרגען — אָט, למשל, מיך...

זי האָט געקוקט מיט אינטערעס אויף זיין געזיכט. ער האָט געהאַט דערפון א משונה פערגעניגען און איז געזעסען און גע־רעדט:

— א לעבען? וועגען א לעבען, פרעגט איהר, וואָס פאַר א לעבען קען דאָ זיין! א מיאוס לעבען, א נאַריש לעבען. איך אליין לעב אויך ווי אלע... אמאָל שלאָפט זיך ניט גאַנצע נעכט און איך טראַכט, ווי מיאוס די סוחרים זיינען און אַז איך דאַרף אַנטלויפען פון זיי.

* * *

ביינמיש איז געזעסען אַן אָנגעפעלצטער אינ'ם טיפען בעל־עגלה'שען שליטען און געטראַכט, אַז מאַני דרעל איז גאָר קיין נאַר ניט, ערשט צוריק מיט א יאָהר אָנגעזעצט און שוין זיך אויף די פים ארויפגעכאַפט, א שטוב זיך אויסגעבויט... א הויף... א צוקער־פאַבריק... די מיחל ביים גראַף אָבגעדונגען, גאָר קיין נאַר...

מאַני איז אַפילו ניט פון די גוטהערציגע, אָבער אפשר... ערשט פאַר א יאָהרען האָט איהם ביינמיש א גרויסע טובה געטהאָן, איהם זיינע וועקסלען פאַר צוואַנציג פראָצענט אומגעקעהרט, און איצט געהט איהם מאַני'ן אַזוי גוט, און ביינמיש איז אויף צרות — אפשר וועט ער עפּעס געבען. אפשר....

מאַני דרעל'ס א מיידעל פון א יאָהר אכצעהן האָט ביינמיש'ן די טיר געעפענט, אָנגעזאָגט, אַז דער פאָטער וועט ערשט ביי־נאַכט קומען, געהייסען איהם אריינגעהן עפּעס אין א זייטיגען צימער און אליין איז זי באַלד פערשוואונדען געוואָרען.

פאַרנאַכט איז מאַני דרעל אַהיים געקומען. עטליכע קינ־

דער זיינען איהם אנטקעגען ארויסגעלאָפען, איהם ארומגעכאַפּט און דערצעהלט:

— טאַטע, דאָרט וואַרט עמיץ אויף דיר.

נאָכדעם האָט מען אַ לאָמפּ אַריינגעטראָגען, איהם אויפ׳ן טיש געשטעלט און צוריק פערמאַכט די טיהר. אין׳ם עס־צימער האָט מען טיי געטרונקען און מיט לעפעלעך געקלונגען. דוכט זיך, וואָס האָט מאַני איהם בעדאַרפט אַזוי לאַנג האַלטען, קום אַריין און זאָג אַ וואָרט.

ענדליך איז מאַני אַריינגעקומען און איהם געפרעגט:

— וואָס האָט איהר עפּעס געוואָלט זאָגען?

מען האָט געקענט מיינען, אַז ביניש׳ן זעהט ער דאָס ערש־טע מאָל אין זיין לעבען.

ביניש איז רויט געוואָרען און אַ הוסט געטהאָן.

— איהר פערשטעהט... פּאָר אַ יאָהרען...

דרעל האָט רוהיג געקוקט און דערצו צוגעבויגען צו ביי־ניש׳ן זיין כלומרשט טויבליכען אויער און איבערגעפרעגט:

— אַ?

ער האָט איהם דערצעהלט, אַז ס׳איז איהם שלעכט, זעהר שלעכט, ער געהט צו גרונד, טרינקט זיך און אַזוי ווי סוף כל סוף קומט דאָך איהם אַרום זיבען הונדערט רובעל, טאָ בעט ער איהם..

דרעל האָט איהם אויסגעהערט מיט אַ גאַנץ ערנסטען פּנים אַזוי, אַז מען האָט געקענט גלויבען, דאָס געלד קומט ביניש׳ן ניט ביי איהם, מאַני דרעל׳ן, נאָר גאָר ביי אַ צווייטען, דאָך הערט ער איהם אויס מיט געפיהל און זוכט אַ וועג ווי אַרום ער, ביי־ניש, זאָל זיין געלד קענען אָבנעהמען.

— פאַני רובינשטיין, — האָט איהם דרעל פאַמעליך און שטיל צו פערשטעהן געגעבען, — איהר זייט דאָך אַ יונגער מאַן מיט פערשטאַנד, מיט שכל. איהר פערשטעהט געוויס אַליין, אַז לעבען מוז איך שטענדיג, ווי אַ מענש; איך בין שוין אַזוי גע־וועהנט געוואָרען. מיין ווייב מוז פאָהרען אַלע יאָהר קיין אויס־לאַנד; זי איז, ניט פאַר איך געדאַכט, ניט געזונד, זי האָט

אַ לעבער קראַנקהייט. מיינע צוויי אינגלעך מוז איך אין אַ גרויסער שטאָדט האַלטען, זיי קאָסטען מיר אָב געוויס הונדערט פופציג רובעל אַ מאָנאַט; די איבעריגע קינדער מוז מען דאָ אַ לעהרער האַלטען, דעסטגלייכען קליידען מוז מען זיך, די קינדער, מען קען פאַר דער וועלט קיין פּנים פון חוזק ניט בעווייזען. צי נעהמט, למשל, מיך אַליין: איך בעגעגען זיך מיט מענשען, טאָ מוז איך אַרויסגעהן ווי אַ מענש. הערט אויס, פאַני רובינ־שטיין: אויב ס'וועט מיר נאָך אַלעמען קאַפּיטאַל בלייבען, וועל איך אייך דעם ערשטען מיט אַ גרויסען דאַנק אָפּגעבען. איהר פערשטעהט? ווען מען איך וועל ניט אָבגעבען, נור אייך, אייך...

און אין פינסטערען קאָרידאָר איז שוין דער בעל־עגלה גע־שטאַנען און געשריען איפ'ן קול:

— דער בטל'ניק! וואָס האָט ער דאָרט זיך אַנידערגעזעצט? דעם גאַנצען טאָג פאַר אַ קאַרבאַטש מיך אָבגעהאַלטען!

און ביינעש האָט געטראַכט: ער זאָל חאַטש די וואָקזאַל־לייט ניט דערצעהלען...

* * *

אַ ווינטערדיגער פאַרנאַכט. אויפ'ן וואָקזאַל פּלעגען שטעהן בינטלעך סוחרים און שמועסען נאָך אַלץ פון ביינעש'ן:

— סטייטש, ער איז דאָך שוין באַלד אַ קבצן.

קומט אָן אַ פּאַסאַזשיר־צוג, פערגעסען אַלע ביינעש'ן אויף אַ ווײַלע, מען פערקוקט זיך אויף די יונגע לייט, וואָס פאָהרען פון די גרויסע שטעדט איצט אַהיים אויף יום־טוב. דערזעהען אָן עקסטערן, אָן אויסגעטריקענטען בחור, אַ פער'מרה־שחורה־טען און מען בעקלאָגט איהם:

— אוי... אָרעם נעבעך, אָרעם, וועה איז דער מאַמען.

עס געהט אָב דער צוג, נעהמען זיך די סוחרים ווידער צו ביינעש'ן:

— שאַ, וואוהין פאָהרט ביינעש אויף פּסח? די שווינער זיינע וועט דאָך איהם געוויס מיט אַ שטעקען דורכטרייבען.

ביניש געהט ארום איינער אליין, בייסט די נעגעל און טראכט:

— וואס האבען זיי צו מיר?

אלי דער דערבארעמדיגער געהט פארביי איהם מיט א פרעמדען סוחר און קלאגט זיך איהם מיט'ן דינעם ווייבערשען קול:

— שעהנע געשעפטען מאכט מען היינטיגע צייטען. פאראן ביים וואקזאל איינער, ביניש רובינשטיין... איהר האט שוין גע־הערט?... נו זעהט איהר שוין... מ'מאר היינטיגע צייטען ניט ארויסלאזען א קאפיקע פון האנד.

ביניש איז געשטאנען אן א זייט און געטראכט, אז פיוו־ניאק האט געמוזט וועגען איהם צופויקען אויף דעם וואקזאל. פיווניאק האט זיך אבער ניט וויסענדיג געמאכט און זיך גע־ווערטעלט מיט די וואקזאל־לייט ניט ווייט פון איהם:

— הערט איהר, פאני דערבארעמדיגער, כ'האב שוין דא וועגען אייך א סך געטראכט... ס'פערדריסט מיך אויף אייך ביז צום לעבער... איז צו אייך נור איין עצה פאראן: אבשטעלען אייך און אבצעהלען די אמת'ע עטליכע פעטש.

דער עולם לאכט געשמאק; אלי שמייכעלט עטוואס פער־וואונדערט.

— פעטש... פארוואס, ר' לוי?

פיווניאק קווענקעלט זיך און ענטפערט אויפ'ן קול:

— נור פעטש. געלד האט איהר, א שעהנעם טאטען האט איהר געהאט, אין געלד אדער אין כבוד ריהרט איהר קיינעם ניט אן און א נדבה א שעהנע גיט איהר אויך, — איז צו אזא חצוף און עזות פנים קיין אנדער עצה ניטא: מען גיט איהם די אמת'ע עטליכע פעטש און לאז ער געהן לאדען מיך.

אלע האבען זיך צולאכט און פלוצלונג האט עמיצער גע־פרעגט:

— נו, און ביניש'ן, ר' לוי?

— ע, שוטה איינער, — האט געענטפערט פיווניאק, —

ביינִיש האָט זיך שוין אַליין אויסגעפּאַטשט.
— ש־ש־שאַ!

ביינִיש האָט געהערט, ווי עמיץ זאָגט שטיל פּיווניאַק'ן, אַז ער שטעהט דאָ ניט ווייט, ער האָט געפיהלט ווי מען קוקט אויף איהם. פּאַמעליך און רוהיג קלינגט פּיווניאַק'ס קול:

— ער מעג שוין הערען, נישט קשה, שלמה ליפּ איז שוין רייכער פאַר איהם.

ביי ביינִיש'ן האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבען קלאַפּען שנעלער און שטאַרקער. ער האָט קיינעם פאַר זיך ניט געזעהען, אויסער דעם איינגעהויקערטען, הויכען און ווערטעלדיגען פּיווניאַק, צו וועלכען עס האָבען זיך געצויגען די אויגען, די הענד. מיט כעס און קראַפט האָט זיך זיין האַנד אַראָבגעלאָזט אויף פּיווניאַק'ס באַק, און פיהלענדיג דעם גוטען טעם פון נקמה האָט ער געזאָגט:

— און איצט געה לאָז מיך!

ער האָט דערהערט אַן אויסגעשריי פון אַ ווילדער און צורייצטער שטימע: אַ־אַ־אַ! עמיצער האָט איהם פון הינטען אַרומגעכאַפּט און פאַר די הענד געהאַלטען, ער האָט זיך נאָך אַלץ צו פּיווניאַק'ן געריסען און געטראַכט פער'עקשנ'ט:

— און היינט לאָז מיך...



# א תפילה

## פון דוד איינהארן

אַ, גרויסער גאָט!
איך בעט דאָך אזוי ווינציג,
ווי קליין עס איז און נישטיג מיין בעגעהר:
א קבר גיב מיר נור,
וואו איך זאָל רוהיג ליעגען
און פאלען זאָל אויף איהם
מיין אייגען קינדס א טרעהר.

און ווייסען זאָל איך, ווען איך וועל מיין אויג פערמאכען,
אַז אונטער יענעם בוים, וואָס וועט מיין רוה בעשיצען,
וועט אין א זומער־טאָג א אוראייניקעל זיצען,
און לעזען שטיל פון מיין מצבה־שטיין,
דעם נוסח דאָרט געקריצט אין שפּראך פון מיינע אָבות,
און לעזענדיג, די ווערטער כאָטש פערשטעהן.

ניין!
איך דארף נישט דיינע הימלען...
אויב זיין א שאָטען איז מיר דאָ בעשערט,
נעם צו ביי מיר די אייביגקייט פון אויבען
און שענק מיר דאָ
א ווינקעל אויף דער ערד.
דאָס איז די ערגסטע שטראָף:
צו שטארבען אויף די וועגען —
נישט ווייסען, וועלכע פוס
וועט טרעטען אויפ'ן אָרט,
וואו ליעגען וועט מיין קאָפּ
און שוועבען מיינע טרוימען,
וואו אָבקלינגען אין לופט
וועט שטיל מיין לעצטעס וואָרט.

און זיי האָבען געזאָגט: מיר זיינען גוטע פריינד מיט דעם טויט און מיט דער אונטערוועלט האָבען מיר אַ בונד געשלאָסען. די פלינקע שטראָף־בייטש וועט צו אונז ניט צוקומען, דען אין פאַלשקייט האָבען מיר זיך איינגעהילט און מיר האָבען זיך פערבאָרגען אין ליגען.

דער אויבערשטער וועט אָבער ניט שווייגען און פון זייער שטראָף וועלען זיי ניט ענטרינען.

אויף גערעכטיגקייט איז זיין קעניגרייך געבויט און רעכט־שאַפענהייט איז זיין בעגעהר, און אויסרייסען וועט דער האָ־געל פון זיין צאָרן אַלע צודעקען און די בעהעלטענישען זייערע וועלען די וואַסערען אָוועקשווענקען.

און פערשטערט וועט ווערען זייער גוטפריינדשאַפט מיט׳ן טויט און זייער בונד מיט דער אונטערוועלט וועט ניט בעשטעהן און וועט די פלינקע שטראָף־בייטש אראָבלאָזען זיך אויף זייער רו קען, וועלען זיי פון איהר צוטראָטען ווערען.

תהלים, כ״ח.

# פרייהייט

## פון וויליאם קאלען ברייענט

אמעריקאנער דיכטער און זשורנאליסט, 1878—1794.

אָה, פרייהייט ! ניט קיין יונגע שעהנע פרוי
שלאנק און גראציעז, ווי דעם פּאָעט'ס טרוים,
און מיט שווארצע לאנגע צעפּ אויף איהרע רונדע בריסט,
איז דיין געשטאלט פאר מיר... איך שטעל מיר ניכער פאָר
אַ מאַן בעוואקסען מיט אַ באָרד, בעוואפענט ביז די ציינען ;
די לינקע האנד האלט פעסט אַ ברייטען וואפען־שילד ;
די רעכטע דריקט צונויף אַ שארפען, בלאנקען שווערד.
און אויף דיין הערליכען געזיכט פון שטאָלץ און קאמפּף
בעמערק איך קלאָר דעם וועג פון בלוט און שלאכט,
די מאכט פון דרוק געבליצט, געדונערט האָט אויף דיר
און דאָך פערלעשען ניט געקענט דעם לעבענס־פלאם,
וואָס האָט פון הימעלס־רוים אראָבגענידערט אויף דער ערד.
דיין תפיסה האָט די מאכט געגראָבען טיעף אין תהום ;
מיט טויזענד פייערס דאָרט אין שווארצען בראנד
געשמיעדט, געצווינגען און געדרעהט דיין לאנגע קיים.
דאָך איז זי זיכער, אז דו ביזט געבונדען, —
דאן פּלאַצט דער גראָבער רינג פון צוואנג און דרוק,
פון דיין געפענגנים דאן אין חורבות פאלט די וואנד.
און אויף אַ זיילען־פלאם, פון לייד און צוואנג,
פליהסטו ארויס אין פרייד פון זיעג און דראנג.

# די פאָהן

פון ש. ש. פרוג.

(1916—1860)

געבאָרען אין א אידישער קאָלאָניע אין כערסאָנער גוב. געשטארבען אין אָדעס; האָט געדיכטעט אין אידיש און אין רוסיש.

ניט פון גאָלד־שטאָף, ניט פון זייד׳נס
איז די פאָהן געמאכט ;
אין א שרעקליכען געוויטער,
אין א שטורעם־נאכט

האָט געראַשט דאָס אלטע שפינראָד
און די בלייכע נויט,
אין א פייכטען קעלער־ווינקעל,
ביי א חלב־קנויט,

האָט געוועבט די גרויע פאָדים
ריין און שיין און גוט,
און געפארבט זיי מיט די לעצטע
טראָפען איינען בלוט.

אלע וועהטאָגען און ליידען,
יעדע פרישע וואונד
פון די טיעפע תפיסה־גריבער,
פונ׳ם שווארצען גרונד,

פון די הונגעריגע דערפער,
פון די ענגע שטעדט,
וואו געבונדען איז דאָס לעבען
ווי פון היהנערפלעט.

אלע וועהטאגען און ליידען,
אלע, וואס יאהרען־לאנג
האט פערגיפטעט איהר נשמה,
ווי די בעזע שלאנג —

האט די פאלקס־נויט אין די רויטע
פאדעם איינגעוועבט...
זעהסט? די פאהן... זי וועהט, זי פלאטערט
און צום הימעל שטרעבט.

און די שאטענס ווערען בלייבער,
און עס קרעהט דער האהן —
און עס שיינט דער מארגענשטערן
אויף דער רויטער פאהן.

## די פרייהייטס־גלאָק

פון א. רייזען.

אך, וואס קלינגט איהר קירכען־גלאָקען!
הערט שוין אויף! גענוג געשראָקען
האבען אייערע שווארצע טענער
אונזער אָרימע וועלט!

כ'האב א נייע גלאָק בעשאפען,
צו ערוועקען טויטע שקלאפען, —
ניט אין קירכען, — אין דער לופטען
הענג איך זי ארויף.

ניט צו שרעקען, נור צו וועקען
נאָר די וועלט אין אלע עקען,
קלינגט זי מוטיג, רופט זי פרעהליך;
שטעהט צום לעבען אויף!

# פון ווערניא

(1753—1793)

מיטגליעד פון נאַציאָנאַלען קאָנוועגט אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. איינער פון די אָנפיהרער פון דער „זשיראָנדע", געגנער פון ראָבעספּיער'ן און עקסטרעמען טעררער. געגומען פון זיין רעדע אין קאָנוועגט, געהאַלטען דעם 8טען מאַי, 1793.



ס קען ניט עקזיסטירען קיין אמת גליק — ניט פאַר דער סאָציאַלער קערפּערשאַפט, ניט פאַר דער איינצעלנער פּערזאָן דאָרטען, וואו ס'איז ניטאָ קיין פרייהייט.

קיין אמת'ע פרייהייט קען ניט עקזיסטירען דאָרטען, וואו ס'איז ניטאָ קיין גלייכקייט.

און ס'איז ניטאָ קיין זכר פון פרייהייט און גלייכהייט, און ס'הערשט דאָס רעכט פון שטאַרקערען דאָרטען, וואו מען פערלעצט אונבעשטראָפטערהייט די געזעצען פון אייביגען יושר.

יעדעס רעגירונגס־סיסטעם מוז דארום גאַראַנטירען פרייהייט, גלייכהייט און יושר.

צוזאַמען מיט דער ליעבע צו אונאַבהענגיגקייט איז געגעבען געוואָרען דעם מענשען נאָך פיעל אַנדערע ליידענשאַפטען — עס איז איהם געגעבען געוואָרען די טהעטיגקייט וואָס שטעלט איהם צופרידען און די פערנונפט, וואָס קאָנטראָלירט זיי.

דאָס רעגיערונגס־סיסטעם, וואָס זעהט ניט אויסצונוצען דיעזע פערשיעדענע ליידענשאַפטען; די קאָנסטיטוציאָן, וואָס מאַכט שווער די ענטוויקלונג פון פערזענליכע פעהיגקייטען; די פּאָליטישע מאַכט, וואָס העלפט ניט דער אויסבילדונג פון דעם

געניאוס און דער אויסשפּראַצונג פון טאַלאַנט, שטעלט אין גע־פאהר דאָס גליק פון דער סאָציאַלער קערפּערשאפט און דאָס גליק פון דער איינצעלנער פּערזאָן.

און די קאָנסטיטוציאָן קאָמפּראָמעטירט דאָס אַלגעמיינע גליק פון דער געזעלשאפט, אויב זי שטערט די אונאבהענגיגע עקזיסטענץ פון איהרע אָרגאנישע טיילען.



## אָ, פרייהייט!

פון ש. ש. פרוג.

צו דיר, אָ, פרייהייט! ריינער קוואַל
פון פריידען ליכטיגע און שטילע,
פליהט אונזער ליעד, פון טרערען מיעד,
פאַר דיר צוגיסט זיך אונזער תפלה:

קום, ליעבע, טרייע, קום צו אונז!
און ווי די שאַרפע פייל פון בויגען
וועט טהאָן אַ שלאָג דיין העלער טאָג
אין די תלינים'ס בעזע אויגען.

ווי אייזען הארט און שווער ווי בליי,
וועט זיי דיין פרישער ווינד צודריקען,
אַ טויט־שטראָף זיין וועט זיי דיין שיין,
ריין ריינע לופט וועט זיי דערשטיקען.

צו דיר, אָ פרייהייט! קלאָרער קוואַל
פון פריידען ליכטיגע און שטילע,
פליהט אונזער ליעד, פון צאָרן מיד,
אין פלאַמען גיסט זיך אונזער תפלה.

# דאָס קאַמפּפס-ליעד פון דער חינעזישער רעוואָלוציאָן

(איבערזעצט אין פּראָזע.)

**די פרייהייט איז די גרעסטע ברכה אויף דער וועלט.**

ווען די פרייהייט איז געבויט אויף פריעדען, קען מען אויפטהאָן אויף דער וועלט טויזענדער וואונדערליכע זאכען.

**ווי דער גייסט איז טיעף די פרייהייט! ווי אַ גבור איז זי גרויס!**

**ביז'ן הימעל קען זי קומען; ניט מיט פערד און מיט אַ וואָגען, נור אויף וואָלקענס מיט'ן ווינד.**

קום־זשע, פרייהייט, און קעניג אויף דער ערד!

**צוליעב דעם שווארצען שקלאפען־גיהנום קום בעלויכט אונז מיט אַ שטראהל פון זון!**

**צו אַ נייער בעסערער וועלט שטרעבען מיר אין אונזער צייט.**

היון־יאו, אונזער אַלטער פאָטער, פיהר אונז!

**גייסט פון פרייהייט, קום און שיץ אונז!**

# דער פרייהייטס־גייסט

## פון מ. ווינטשעווסקי.

געבארען אין 1856 אין יאנאווע, קאוונער גוב. האט אבגעדרוקט זיין ערשטען העברעאישען ארטיקעל אין 1873. איז געקומען אין אמעריקע אין 1894. דיכטער, פובליציסט און כלל־טוער

אין די גאסען פון די מאסען
פון בעדריקטע פעלקער־ראסען,
רופט דער פרייהייטס־גייסט:
„איך בריינג וואפען — פאר דעם שלאפען,
איך בעפריי די ארבייטס־שקלאפען
און איך מאך זיי דרייסט.

„ליכט פערשפרייטען — רעכט פערברייטען,
קום איך און צוברעך די קייטען
פון דער טיראניי;
די נאציאנען — פון קאנאנען,
פון ארמעען און פון שפיאנען
קום איך מאכען פריי.

„פרייד און שטרעבען — קום איך געבען,
לעבענסלוסט און לוסט אין לעבען
אלעמען צו גלייך;
מענשענקינדער — זאל ווי רינדער
ניט מעהר אומברייגגען א גרינדער
פון א מערדער־רייך.

„איך קום פרויען — אנפערטרויען
יעדעם רעכט צו העלפען בויען
גלייכהייטס גרויסען טהראָן;
גיב זיי רעכטע — און די עכטע,
בריעדערליכע און גערעכטע
ארגאניזאציאָן.

„איך קום מעלדען — יענע העלדען,
וועלכע שמאכטען אין די קעלטען
פון סיביר אצונד,
אז צוטראָגען וועט אסטראָגען
באלד מיין שטורם — באלד וועט שלאָגען
די בעפרייאונגס שטונד.



# מיין צואה

פון מיכל גאָרדאָן.

(1823—1890)

בעוואוסטער פאָלקסדיכטער. איינער פון די ערשטע דיכטער אין אידיש.

כ׳האָב דיר געזאָגט און זאָג דיר ווידער
דו זיי א איד, נאָר וויס, פערשטעה,
אז אלע מענשען זיינען ברידער,
איין גאָט, איין פאָטער האָבען זיי.

די גאַנצע וועלט איז גאָטעס הויז,
צום פרייען לעבען איז זי בעשטעלט.
די אלע מענשען, קליין און גרוים
איין פראווע האָבען זיי אין דער וועלט.

# שילאָן

## פון לאָרד בייראָן

די פאָלגענדע צײלען זײנען גענומען געװאָרען פון דער בעװאוס־טער פאָעמע: „דער געפאנגענער פון שילאָן".

אָה, הערליכע פרייהייט — נשמה פון אייביגען גייסט,
דו לויכסט איבעראל !
אָבער שעהנער נאָך שטראהלסטו אין תפיסה....
דו גליהסט דאָרט אין הארצען
מיט'ן פייער פון ליעבע —
דיין איינציגער הערשער און האר...
און װען דיינע זיהן זיינען אין קייטען געבונדען
און שמאכטען אין קעלער אין נאסען,
אין טרויער, װאָס שמערצט אין דער אייביגער נאכט —
דאן בעזיעגסטו מיט דיינע מארטירער
דעם װילדען טיראן....
דאן שװעבסטו אויף די פליעגלען פון שטורם
די ערהאבענע געטין פון װינטען...
שילאָן, דיין תפיסה איז א טעמפעל.
און דיין באָדען, מיט טרעהרען בענעצט,
איז פאר אונז אן אלטאר...
פון דיינע מארטירער די שפורען
זאָלען אייביג דאָרט ליעגען —
א היילינע חתימה
אויף די שטיינערנע פליטעס, די קאלטע.

# מיין צואה

## פון ד. עדעלשטאדט.

געבאָרען אין 1866, אין קאַלוגאַ, רוסלאַנד. האָט עמיגרירט נאָך אַמעריקע אין 1882. געשטאָרבען פון שווינדזוכט אין 1892. בעריהמטער דיכטער פון אַרבייטער־לעבען.

אָ גוטע פריינד! ווען איך וועל שטאַרבען,
טראָגט צו מיין קבר אונזער פאָהן —
די פרייע פאָהן מיט די רויטע פאַרבען,
בעשפריצט מיט בלוט פון ארבייטסמאַן!

און דאָרט אונטער דעם פלאַג דעם רויטען
זינגט מיר מיין ליעד, מיין פרייעס ליעד!
מיין ליעד „אין קאמפף“, וואָס קלינגט ווי קייטען
פון דעם פערשקלאַפטען קריסט און איד.

אויך אין מיין קבר וועל איך הערען
מיין פרייעס ליעד, מיין שטורם־ליעד;
אויך דאָרט וועל איך פערגיסען טרערען
פאַר דעם פערשקלאַפטען קריסט און איד!

און ווען איך הער די שווערדען קלינגען
אין לעצטען קאמפף פון בלוט און שמערץ —
צום פאָלק וועל איך פון קבר זינגען
און וועל בעגייסטערען זיין הארץ.

# פון אָריענטאַלישע שריפטען

עס זיינען געווען צוויי ברידער, האָט איינער פון זיי געדינט אין'ם קיסר'ס הויף, און דער אַנדערער האָט געלעבט פון זיין אַרבייט. זאָגט אַמאָל דער רייכער ברודער צום אָרימען:

— פאַרוואָס ווילסטו ניט דינען דעם קיסר? וואָלטסטו זיך בעפרייט פון דער שווערער אַרבייט.

ענטפערט איהם אויף זיינע ווערטער דער אָרימער:

— און פאַרוואָס נעהמסטו זיך ניט צו דער אַרבייט, כדי צו בעפרייען זיך פון דיין ערנידריגענדער שקלאַפעריי? די חכמים האָבען אונז פערזאָגט, אז ס'איז בעסער עסען דעם אין שוויים פערדינטען ברויט, ווי טראָגען אַ גאָלדענעם גאַרטעל און זיין יענעם'ס קנעכט. בעסער קנעטען ליים און קאַלך מיט אייגענע הענד, איידער האַלטען די הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט, ווי עס טהוען די הויפּישע, כדי צו בעווייזען זייער אונטערטעניגקייט דעם האר זייערען. בעסער בעגנוגענען זיך מיט אַ שטיקעל טרוקען ברויט, איידער שקלאַפיש בויגען דעם רוקען.



וואָס קען זיין פיינליכער פון דער בעליידיגונג פון דער מענשליכער ווירדע, וואָס קען זיין ערנידריגענדער פון שקלאַפעריי? פריי זיין דאַרף דער מענש, אונזער מענשליכע ווירדע איז אַן אַטריבוט פון אונזער פערזענליכקייט. היט אייער ווירדע און פרייהייט, אָדער ווירדיג אומקומען זאָלען מיר, פערטיידיגענדיג דאָס טייערסטע גוט. ציצערא.

# לינקאָלן׳ס געטיסבורגער רעדע

די רעדע האָט אַמעריקא׳ס מאַרטירער־פּרעזידענט געהאַלטען אויף איינעם פון די וויכטיגסטע שלאַכט־פעלדער פון בירגער־קריעג, געטיסבורג, פּענסילווייניא, צום יאָהרצייט פון א וויכטיגער שלאַכט, דעם 3־טען יולי, 1863.



יט זיעבען און אַכציג יאָהר צוריק האָבען אונזערע עלטערען געבראַכט אויף דער וועלט א נייע נאַציאָן, וועלכע איז בעפרוכטעט געוואָרען פון׳ם זאָמען פון פרייהייט און געווידמעט געוואָרען דעם געדאַנק, אַז אַלע מענשען ווערען געבאָרען אין גלייכהייט.

איצט פיהרען מיר א גרויסע בירגער־מלחמה, וואָס דאַרף בעווייזען, צי קען די דאָזיגע נאַציאָן, אָדער יעדע אַנדערע, וועלכע איז אזוי בעפרוכטעט און אזוי געווידמעט געוואָרען, האַלטען זיך לאַנג און האָבען אַ קיום. איצט זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען אויף א גרויסען שלאַכטפעלד; געקומען זיינען מיר צו ווידמען אַ טייל פון דעם דאָזיגען שלאַכטפעלד דער אייביגער רוה פון יענע, וואָס האָבען אויף דעם געהייליגטען אָרט זייער לעבען אָבגעגעבען, כדי די נאַציאָן זאָל קענען לעבען. גוט און ריכטיג איז, וואָס מיר ווילען טהון אזוי.

אָבער אין א העכערען זין קענען מיר ניט ווידמען — און ניט הייליגען — און ניט פערהייליגען די דאָזיגע ערד; די מוטיגע מענשען, די לעבעדיגע און טויטע, וואָס האָבען פערגאָסען זייער בלוט אויף דעם דאָזיגען אָרט, האָבען איהם פערהייליגט אַזוי, אַז מיר, מיט אונזערע אָרימע קרעפטען, קענען ניט צוגעבען עפּעס אָדער אָבנעמען עפּעס פון זיין הייליגקייט. די וועלט וועט שוואַך בעמערקען און ניט לאַנג געדענקען דאָס אַלעס, וואָס מיר רעדען דאָ, אָבער זי וועט קיין מאָל ניט פערגעסען דאָס, וואָס זיי האָבען געטהון דאָ. ניכער דאַרפען מיר,

די לעבעדיגע, זיך ווידמען דער ניט פערענדיגטער נאָבעלער אר־ בייט, וועלכע די, וואָס האָבען דאָ געקעמפפט, האָבען אזוי ווייט געבראכט. גיכער דארפען מיר, שטעהענדיג דאָ, זיך ווידמען דער גרויסער אויפגאבע, וואָס ערוואַרט אונז, אזוי, אז פון די דאָזיגע געהייליגטע טויטע זאָלען מיר שעפּען נייע איבערגעבענ־ הייט צו דער זאַך, צו וועלכער זיי האָבען זיך איבערגעגעבען מיט די לעצטע מענשליכע קרעפטען; אז מיר זאָלען, שטעהענדיג דאָ, בעשליסען דאָס עדעלע און גרויסע, אז די דאָזיגע טויטע זאָלען ניט האָבען אומגעקומען אומזיסט; אז אונזער נאציאָן זאָל ווידער געבוירען ווערען, און גאָט זאָל זי פיהרען צו אמת'ער פרייהייט; און אז ניט פערשווינדען פון אונזער ערד זאָל זי...



# די ערשטע פאָהן פון אינטערנאַציאָנאַל

## פון שכנא עפשטיין

געבאָרען אין 1885 אין איוויע, ווילנער גוב. געקומען אין אמע־ריקא אין 1909. שריפטשטעלער און קריטיקער.



וזיק שפּיעלט; די פאָהנען פלאַטערען; פון די פענסטער, פון די טראָטואַרען קוקען אויף אונז ליעבליכע און פערוואונדערטע געזיכטער. עס הילכען אַפּלאָדיסמענטען, עס קלינגט א יונגער געלעכטער. אנטקעגען קומט אָן א גרופּע סטודענטען אין אוניפאָרם־היטלען, מיט ראָזע ראַנדען, איבערגעוואָרפען מיט רויטע שטענגעס איבער די אקסלען. זיי בעגעגענען אונז מיט א הילכיגען אויסגעשריי: „עס לעבע דער אינטערנאַציאָנאַל!" און פעראייניגען זיך מיט אונז. די רייהען ווערען אַלץ לענגער, לענגער. עס וואקסט אויס פּלוצלונג א שורה יונגע פרויען, אָנגעטהאָן אין ווייסען, מיט בלומענקרענץ אויף די שעהן־פערקעמטע האָר. מענער פון פערשיעדענע נאַציאָנען מיט אַלערליי עמבלעמען ערשיינען פון די זייטיגע גאסען. עס פלאַטערען נייע פאָהנען, עס שפּיעלט נייע מוזיק. דאָס געזאנג ווערט אַלץ העכער און העכער און מען פערגעסט אָן אַלץ אין דער וועלט...

ליכטיג איז אַרום, דופטענד, און ליכטיג, דופטענד איז אַזוי אויפ'ן הארצען...

גיט מען א קוק פון פאָרענט אויף די מאַרשירענדע אין זייער שלאַנקען צוג, דוכט זיך אויס, אז דער פייערדיגער זון־

קוגעל פון די הויכע בערג האט אויף זיי די גינגאלדענע שטראה־לען אראבגעשיקט און זיי געהען עס פערשפרייטען איבער דער ערד...

וויפיעל לעבען, וויפיעל האפנונג שטראמען ארויס פון די פייערליכע געזיכטער, וויפיעל גלויבען און מוטה!

את געהט אין דער רייהע בעפאר אונז אן עלטערער דייטש מיט א גרויליכען קאפ און א לאנגער, גרויליכער בארד. א פאטריארכאליש אויסזעהן האט ער. ער האלט פאר די הענד זיינע צוויי יונגע טעכטער. שטאלץ געהט דער פאטער מיט די קינדער, און זיינע אויגען שיינען אזוי יונג ווי זייערע. אין א צווייטער רייהע געהען איטאליענער פון מיטעלע יאהרען, אנ־געטהאן אין ארבייטער־קאסטיומען, און א גליקליכער שמייכעל שוועבט אויף זייערע ליפען. אין א דריטער רייהע האלטען זיך פאר די הענד פיער גריכען, שעהנע מיט קלאסישע פנים'ער, וועלכע דריקען אויס א טיעפע בעגייסטערונג. נאך זיי פאל־גען נאך שורות לאנגע, רוסען און אידען; מען זעהט דא אפילו יאפאנעזער, עגיפטער און טערקען אין פעסקעס; פאליאקען, טשעכען, ארמענער, גרוזינער און בולגארען מישען זיך אויס מיט פראנצויזען, שפאניער, אמעריקאנער און ענגלענדער, און אלע זיינען זיי פול מיט פרייד, מיט אמת'ער ענטציקונג. אזוי איז אומעטום, וואו מען ווארפט נאר אן אויג...

מיט אמאל ווערט אבער די מוזיק ענטשוויגען. דאס געזאנג הערט אויף. די פאהנען שטעלען זיך אב. מען איז געקומען צום סאציאליסטישען „פאלקס־הויז“.

די מארשירענדע גיסען זיך צונויף אין א גרויסער געדיכ־טער מענגע. מען שטעהט נאהענט איינע נעבען די אנדערע און מען ערווארט עטוואס מיט עהרפורכט. עפעס הייליגעס דארף באלד געשעהן. אלע פיהלען עס. און אלעמענס אויגען זיינען געווענדעט צום באלקאן, וועלכער איז דעקארירט מיט פורפור־רויט.

אַט דערהערט זיך דאָס קלאַפּען פון אַ באַראַבאַן. איהם ענטפערט אַב אַ צווייטער און אַ דריטער. אַ טראָמפּייט בעגלייט זיי מיט אַ פרעהליכען אַנזאַג. צווישען דער מענגע דערהערט זיך אַ געמורמעל: „די פאָהן פון ערשטען אינטערנאַציאָנאַל!“, און אויפ'ן באַלקאָן בעווייזט זיך אַן אַלטיטשקער, אַ ווייסער, ווי אַ טויב. דער רוקען איז שוין איינגעבויגען, די הענד ציטערען; עס פיהרען איהם צוויי שעהנע יונגע מיידלעך, אין לייכטע, ווייסע קליידער מיט גרויסע בלומען־גירלאַנדעס אויף די קעפּ; דער אַלטיטשקער האַלט אַ רויטע פאָהן, נאָך גאָר נייע, אויסגענעהט מיט גאָלד. די האַנד ציטערט איהם שוין ניט. אין זיינע אויגען לייכט זיך אַ יוגענדליכער פייער. ער גיט אַ פלאַטער די פאָהן, הויבען זיך אויף אַלע פאָהנען. די מענער פאָכען מיט די היט, די פרויען מיט די טיכלעך, און פון אומעטום, ווי דורך אַ כשוף, שאַלט אויף אַ כאָר פון טויזענד, טויזענד שטימען:

שטעהט אויף, איהר אַלע, וועמער ווי שקלאַפען
אין הונגער לעבען מוז, אין נויט!
דער גייסט — ער קאָכט, ער רופט צום וואפען,
אין שלאַכט אונז פיהרען איז ער גרייט!

פערשיעדענע שפּראַכען, דיאַלעקטען מישען דאָ זיך צונויף און אַלע קלינגען ווי איין שפּראַך, ווי איין שטראַהלען־שפּראַך; אין שטייגענדער האַרמאָניע ווערט געזונגען דער הימן פון פרייהייט, וואָס פעראייניגט אַלע ארבייטס־קינדער פון פערשיעדענע פעלקער און לענדער אין איין גרויסער און שעהנער משפּחה, און איין מענשהייט זעהט מען פאַר זיך; די גרויסע מענגע איז, דוכט זיך, איין וואונדער־ריעז...

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און ענטשיעדענער שטרייט;

מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטעהט אויף, איהר אַרבייטס־לייט!

גיסען זיך די שטימען פון יונג און אַלט, און עס פלאַטערט איבער אַלעמענס קעפּ די פאָהן פונ'ם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל, בעגריסענדיג די איבעריגע פאָהנען און זייערע טרעגער...

דער אַלטיטשקער הויבט זי העכער און העכער, און וואָס שטאַרקער עס ווערט די מוזיק, וואָס שטורמישער דאָס געזאַנג, אַלץ מעהר פייער קריגען זיינע אויגען.

איינער פון די ערשטע איז ער געווען, וואָס האָט די פאָהן בעגריסט, ווען זי האָט צום ערשטען מאָל גענומען פלאַטערן איבער די אַרבייטערס קעפּ. ער האָט בייגעוואוינט דעם ערשטען אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס, שטעהט ער איצט און זיין האַרץ קוועלט אָן פון נחת, וואָס די פאָהן פעראייניגט אַרום זיך אַזאַ פּרעכטיג־שעהנע אַרמעע...

אַ שמחה־טרעהר בעוויזט זיך אין זיינע אַלטע אויפגעלעבטע אויגען, און עפּעס נעהמען זיינע ליפּען ציטערען. דער כאָר ווערט אַ ווײַלע איבערגעריסען, און עס דערהערט זיך דעם אַלטענס קרעפטיגע שטימע:

ניין, קיינער וועט אונז ניט בעפרייען:
ניט גאָט אַליין און ניט קיין העלד —
מיט אונזער אייגענעם כלי־זין
אַ רעטונג ברענגען מיר דער וועלט!

איהם ענטפערט אָב:

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און ענטשיידענער שטרייט;
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטעהט אויף, איהר אַרבייטס־לייט.

עס ווערט ווייטער שטיל, און דער אלטער זינגט אויס מיט אלע קרעפטען:

אראב דעם יאך, גענוג געליטען,
גענוג פערגאסען בלוט און שוייס!
צובלאזט דעם פייער, לאמיר שמיעדען
כל־זמן דאס אייזען איז נאך הייס!

דער כאר, צוזאמען מיט דער מוזיק, ענטפערען איהם נאך אמאל מיט'ן צוזאנג, אבער אזוי קרעפטיג און מעכטיג, אז אליץ ארום ווערט, דוכט זיך, אויפגעציטערט, אפילו דער קלארער, טיעפער הימעל...

